ביבליאָטעק מאַרק ראַקאָווסקי

בײַניש זילבערשטײַן

# אײַביק פֿאַרמשפּטע

וואַרשע 1928

# אַנשטאָט אַ הקדמה

ביים גרינדן מיין פאַרלאַג האָב איך נאָר געטראַכט וועגן אַרויסגעבן איבערזעצונגען און דערמיט פאַרברייטערן דאָס פעלד פון דער יידישער ליטעראַטור. אין יעדן לאַגד פאַרנעמט די איבערזעצונגס - ליטעראַטור דאָס גרעסטע אָרט, בפרט אין אַזאַ יינגער ליטעראַטור, ווי אונדזערע. איבערזעצונגען פון גרויסע פרעמדע שרייבער אַנטוויקלען דעם געשמאַק פון לעזער, צרבעטן ביי אים אויס אַן אייגענע מיינונג וועגן אַ בוך און דער לעזער דאַרף נישט וואַרטן, ביז עפעס אַ רעצענזענט וועט אויסקוועטשן זיין „מבינות".

איך האָב אָבער נישט געקאָנט בלייבן אין די גרענעצן פון מיין אויפגאַבע; די לאַגע אין דעם יידיש-ליטעראַרישן וועלט איז איצט, ליידער, אַזאַ, אַז איך האָב געמוזט אָפּטרעטן פון מיין פּרינציפּ.

די יידישע ליטעראַטור איז, לויט מיין מיינונג, אַריין אין אַ טעמפּן ווינקל. נישט דערפאַר ווייל מיר זענען הינטערשטעליק מיט אייגענע שרייבער. אדרבה, מיר האָבן אַ שפּאָר ביסל שריפטשטעלער, מיט וועלכע מיר האָבן דאָס רעכט צו שטאָלצירן. אָבער די אַפּטרופּסים, די ליטעראַרישע מעקלער און בעלי-טאַקסעס, וועלכע האָבן זיך מיט כּוח אָנגעזעצט אויפן קאַרק פון דער יידישער ליטעראַטור, לאָזן איר צו זיך נישט קומען. אָט, למשל, האָט אַזאַ מין בעל-טאַקסע, מיטן כּוח פון אַ רייכן פאַרלאַג, אַרויסגעטוויכט אין דער צורה פון אַ „קריטיקער" און

דערדאָזיקער „קריטיקער", אָנגעלענט אויף מעכטיקע פאַרלאַג=
פלייצעס, זיצט און שמירט. ער שמירט בייטאָג און ביינאַכט
און אויף וואָס די וועלט שטייט. ער באָרגט אויס פרעמדע
געדאַנקען, (ווייל ער ליידט נעבעך אַ שטאַרקן דוחק אין אייגענע)
און ס'שיטן זיך פון אים אַרטיקלען, אַזוי ווי פון אַ געלעכערטן
זאַק אַרויס. ער האָט דערפונדן אַ נייע קריטיק=סיסטעם: קלישע-
קריטיק. מען דאַרף נאָר בייטן די קעפלעך אויף די אַרטיקלען
און די זעלבע אַרטיקלען קאָנען תמיד זיין אין גאַנג.

דערדאָזיקער „קריטיקער" פאַבריצירט אויך ספּעציעלע
ביזנעס=אַרטיקעלעך. ער האַלט זייער שטאַרק פון דאַרווינס
Accomodation to environment אויף רוסיש אומגעפער:
„דערזשי נאָס פאָ וועטרו". למשל: אין אַמעריקע דערשיינען,
לאָמיר אָננעמען, דריי קרבן-מנחה-ספרים מיט זכרונות פון אַ „סאָ-
ציאַליסטישן" יאַהודי=רעדאַקטאָר, נעמט דערדאָזיקער „קריטיקער"
תיכף די פען אין דער האַנט אַריין און טוט אַ שרייב אָן עט-
לעכע גאָרנדיקע אָפּהאַנדלונגען וועגן דידאָזיקע ספרים. נישקשה,
ס'וועט שוין עפּעס דערפון אַרויסקומען!.. און אַזוי ווערט מען
אַ „ליטעראַרישער לייטער" אין אַ טעגלעכער צייטונג, מען גרינ=
דעט אַ חודש=זשורנאַל, מען שרייבט דאָ, מען שרייבט דאָרט,
און די ביזנעס גייען... קיין שטאָף פעלט נישט!..

און באַרימטע שריפטשטעלער שרייבן ידידי=בריוועלעך און
זענען עולה=רגל צו אים און מען זינגט אים שבחים און מען
רימט זיין „שפּעדיקע" פען...

— אַך, האָט איר אָנגעשריבן אַן אַרטיקעלע, — זאָגט צום
דאָזיקן „קריטיקער" אַ שרייבער און קוקט אים נישט גלייך אין
די אויגן אַריין, גאָר אויפן קאַלענדאַר, וואָס הענגט אויף דער
וואַנט... — אוי, אַן אַרטיקעלע, איך האָב ממש געלעקט די פינגער...

און מען איז אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט משרתים,
מיט יוצר=משרתים, וועלכע זענען גרייט צו יעדן באַפעל.

אַז מען פאַלט אַריין אין גרימצאָרן אויף אַ שרייבער, וועל-
כער האָט מיט עפּעס „ווידערגעשפעניקט" דעם „גרויסן קריטיקער",
שיקט מען גלייך אָן אויף אים אַ צערבער, אַ יוצר-משרת און

מען זאָגט צו אים: „נעם אים!" „רעכן זיך מיט אים אָפּ!" ס'איז נישט וויכטיק ווער דער שרייבער איז. מ'טוט אַ גאָס אַרויס אויף יענעם אַ פּאָר עמער זידל-קריטיק, פּערזענלעכע פּאַרווורפן, וואָס האָבן נישט קיין שייכות צו דער ליטעראַרישער טעטיקייט פונם שרייבער, און — פּאַרטיק.

אויב מען האָט די גאַנצע צייט געשריבן איבער מיינע איבערזעצונגען נישט קיין שלעכטע רעצענזיעס, איז עס נישט דערפאַר, ווייל מיינע איבערזעצונגען זענען גוט אָדער שלעכט, נאָר דערפאַר, ווייל כ'האָב מיט עפּעס נושא חן געווען אין דעם „קריטיקערס" אויגן. אויב מען וועט שפּעטער שרייבן שלעכטע רעצענזיעס, וועט עס נישט הייסן, אַז מיינע איבערזעצונגען אָדער די ביכער וואָס ווערן אַרויסגעגעבן דורך מיין פאַרלאַג, זענען גוט אָדער שלעכט, נאָר ווייל איך וועל האָבן מיט עפּעס חוטא בעגל געווען.

אָט אַזוי שטופּט איינער אונטער דעם צווייטן, דער צווייטער חנפעט דעם ערשטן, און דאָס רעדל דרייט זיך...

אָבער וואָס זאָל טון דער ייִנגער שרייבער? ער קאָן אויף די בעלי-טאַקסעס קיין שום איינפלוס נישט האָבן, זיי לייגן אויף אים קיין אַכט נישט, ווייל ער קאָן זיי קיין שום טובה נישט טון. פון אים וועלן זיי קיין פּרנסה נישט האָבן. ער קאָן זיי מיט גאָרנישט אָפּדינען. קיין זכות-אבות האָט ער אויך נישט. און וואָס גייט עס די אָן, צי דאָס אָנגעשריבענע בוך האָט אַ ווערט אָדער נישט? דאָס איז נישט וויכטיק, דאָס דאַרפן אָט דידאָזיקע אומגעבעטענע אפּטרופּסים נישט וויסן, ווייל, כדי עפּעס צו וויסן, דאַרף מען דאָך אויך זיין אַ מבין...

צוליב דעמדאָזיקן טעם, האָב איך באַשלאָסן מיט אַלע מיינע מעגלעכקייטן צו העלפן ייִנגע טאַלאַנטפולע שרייבער אַרויסצוגעבן זייערע ווערק.

*

ביניש זילבערשטיין איז מיר שוין באַקאַנט זינט עטלעכע יאָר, פון דאַמאָלס אָן, ווען ער האָט מיר געבראַכט אַ פּאָר צענדליק לידער און איך האָב זיי אַרויסגעגעבן. זיין איצטיקער

באַנד נאָוועלן „אייביק פאַרמשפּט", באַהאַנדלט אַ נייעם געביט: וועגן וועלכן קיינער האָט נאָך ביי אונדז נישט געשריבן. גלייכ־צייטיק האָב איך זיך באַקאַנט מיט זיינעם אַ ראָמאַן א. נ. „עסן", וועלכער איז, לויט מיין מיינונג, קינסטלעריש פול רייפער ווי די פאָרליגנדיקע נאָוועלן און דאָס האָט מיך איבערציידט, אַז ב. ז. שטייט נישט אויף איין אָרט, נאָר אַנטוויקלט זיך און גייט כסדר פאָרויס.

אין „אייביק פאַרמשפּט" ווערט געשילדערט דאָס שפּיטאָל־לעבן. דער אמתער סיוזשעט פון זיינע נאָוועלן איז די קראַנקייט, אַ געביט וואָס איז שווער צו באַהאַנדלען. אויף יעדער בלעטל פילט איר ווי עס ווייעט דער אָטעם פון טויט, איר פילט די אימה וואָס הענגט איבער די קעפּ פון די אַלע ביז צו הייליק פאַרפייניקטע, דערביי — דער שטאַרקער דראַנג צום לעבן, די טיפע בענקשאַפט צו דער היים, צו דער שטאָט, צו דער וועלט... דאָס איז אַ מין אַנאַליז פון פיזישע און מאָראַלישע יסורים. דער מחבר דרינגט דאָ אריין אין די נשמות פון די קראַנקע און שילדערט אונדז פאַרשידענע טיפּן: הכנעהדיקע, אויפגערעגטע, בעדולדיקע, באַגייסטערטע. אַ גאַנצע גאַלעריע דאָקטוירים, פעלד־שער און שפּיטאָל־באַאַמטע גייען אַדורך פאַר אונדזערע אויגן. מיט איין וואָרט: לייענענדיק דידאָזיקע נאָוועלן, באַקומען מיר דעם אמתן באַגריף וועגן מענטשן, וואָס זענען אייביק פאַרמשפּט. ביניש זילבערשטיין האָט גוט תופס געווען זיינע העלדן און מען דאַרף האָבן טאַלענט צו קאָנען אַזוי שילדערן.

**מאַרק ראַקאָווסקי**

# אַ קאַמאַרינסקע

נעכטן האָט נאָך פּעלעק געטאַנצט.

אויף דער נאַכט האָט ער ערשט אָנגעהויבן דערפילן די שטאַרקע ווייטיקן אין דער לינקער זייט פון קאָפּ, אָט אַזוי ווי ס'וואָלט אים יעדער רגע עמעץ אָנגענומען ביי די געהירן און אַ ווילדן טאָרגע געטון; האָט ער זיך אַנידערגעוואָרפן אויפן געלעגער, צעבויפגעקראַמפּט זיך ווי אַ בייגל אין דער שוואַרצער קאָלדרע און ביטער געריטשעט.

ביז דאַמאָלס איז נאָך געווען היימלעך. די לאָמפּן האָבן טונקל־מאַט באַלויכטן דעם זאַל און אויף די פּאַרגעלטע ווענט זענען בלינד געקראָכן שאָטנס. קראַנקע זענען פאַרבונדענע און פאַרשמירטע געלעגן צעוואָרפן אויף די געלעגערס. טייל זענען געזעסן אויף די ברעגן פון זייערע בעטלעך, ערנסט זיך געקראַצט, איבערגעוויקלט די ווונדן, דערביי געגרייכערט און אָנגעמאַכט אַ נעפּל ווי אין אַ קרעטשמע.

— טאַנץ, פּעלעק, אַ קאַמאַרינסקע!

ס'איז נאָכן אָוונט־געבעט. דורך די פענצטער דערטראָגט זיך דער גערויש פון דער שטאָט און יעדן פאַרבענקט זיך צו דער היים, ווייב אָדער פריינט. און אַז מ'זאָל פאַרגעסן אָן אַלעמען און אָן דער גאַנצער וועלט — לאָזט מען זיך אַוועק אין אַ שווינדל־קאַראַהאָד, ביז דער מח פאַרדרייט זיך און מ'פאַלט אַוועק ווי די פגרים אויף די האַרטע שעניקעס.

היינט האָט שוין פעלעק מער נישט געקאָנט טאַנצן. דריי טעג ווי ער וואַלגערט זיך אין יסורים און די חולאים זענען בייז, שפייען און שעלטן —

— אַ גאַנצע נאַכט נישט געלאָזן אַ דרעמל טון, אַ ווייס־טע כאָלערע, געבורטשעט ווי אַ הונט.

אָבער פעלעק מאַכט זיך נישט וויסן. ער וואַרט אויפן דאָקטאָר.

— זאָלן זיי ברענען, די נבלות!

אין דעם וואָס פעלעק איז שוין מער נישט אַראָפּ פון בעט, האָבן אַלע געפילט, אַז עס רוקט זיך אונטער אַן אומ־גליק; דער אַלטער פּאָטשטיליאָן האָט עס נאָך פריער פּאָרויס־געזען אין די קאָרטן — די שוואַרצע טויז איז תּמיד געפאַלן פון אויבן.

איצטער ליגט די פּייקע ברויט אויפן טישל ווי פּאַריתומט — פעלעק האָט זיך צו גאָרנישט צוגערירט. אפילו די טיי וואָס מ׳האָט אים דערלאַנגט, אין דער פּאַרטרוקנטער שיסל פון אייערנעכטיקער, נישט אויסגעוואַשענער קאַשע, איז געבליבן געסטאָיעט און אויסגעזען ווי אַ שיסל ברוינע אורין.

און אַז לעגוצקין, דעם פּיאַניצע, איז געוואָרן לאַנגווייליק, איז ער אַרויפגעשפּרונגען מיטביידע פּיס צו פעלעקן אויפן בעט און יענעם האַרט זיך אַוועקגעזעצט אויף די קניען.

— קוק אין מיינע אויגן, כ׳וועל דיך פּאַרה־פּנאָטיזירן וועסטו איינשלאָפן, ווי גאָט איז מיר ליב, אַז מ׳קוקט אין מיינע אויגן, שלאָפט מען איין.

— הער סטאַניסלאַוו, — האָט פעלעק אָן כּוחות זיך געבעטן ביים שאָפער — לאָזט מיך צורו, איר צעקוועטשט מיך.

— פעלעק, ווי גאָט איז מיר ליב!

דער שאָפער האָט אויף אים אויסגעגלאָצט אַ פּאָר גראָע קעצישע שליפּיעס, פאַרצויגן מיט אַ הייטל פון אַ שכורן און פעלעקן האָט אַרומגעכאַפּט אַ פּחד.

— הער לעגוצקי, הערט אויף!

און וואָס מער פעלעק האָט זיך געבעטן, איז דער שאָ־פער לעגוצקי געוואָרן אַלץ ווילדער און ווילדער, אים אָנגע־כאַפּט ביים האַלדז און געדישעט, געקנעטן מיט די עלנבויגנס אין לייב אַריין — ביז די קראַנקע האָבן אויפגעהויבן אַ גע־וואַלט און דעם שכורן לעגוצקי אַפּגעריסן פון גוססדיקן פעלעק.

— ער וועט ביי מיר שלאָפן, דער בענקאַרט...

לעגוצקי האָט שווער געאָטעמט און אָוועקגעקוליעוועט אויף די באַנדאַזשירטע פּאָדעשוועס צו זיין געלעגער.

---

יעדערס מאָל אַז פעלעק האָט אַרויסגעשלעפּט דאָס שטיקל וואַטע פון אויער, האָט אַ שפּריץ געטון פון אינעווייניק אַ שטראָם געדיכטע, ווייסע מאַטעריע, וואָס איז געקומען אַזש פון די געהירן. פעלעק האָט געמיינט אַז ס'איז אַ פאַרקילונג. אָבער די יסורים זענען געווען אַזוי שטאַרק, אַז פאַר ווייטיק האָט ער כסדר געזעצט מיטן קאָפּ אָן דער וואַנט און פאַר־שטיקט ווי אין משוגעת געשריגן. אויך פעלעק האָט נישט גע־ווּסט וואָס אים דערהאַרט. און אין מינוטן ווען ס'איז אים עטוואָס לייכטער געוואָרן, איז ער אַראָפּ פון בעטל, קרעכצנדיק זיך צעשמייכלט און ווי אין געוויין, עפּעס אונטערגעמרוקעט. די קראַנקע האָבן אים באַגעגנט מיט אַ „הורא" און אים געבעטן:

— פעלעק, טאַנץ!

— טאַנץ אַ קאַמאַרינסקע!

און פעלעקס געל, נישטאָפּראַזירט פּנים האָט זיך הילפלאָז צעקרומט.

---

דער דאָקטאָר איז געקומען.

אין זאַל איז געוואָרן אַ באַוועגונג. די קראַנקע האָבן פאַרלאָזן זייערע געלעגערס און אַרויס אין די קאָרידאָרן.

פעלעק האָט זיך דערשלעפּט צום דאָקטאָרס קאַבינעט.

— הער דאָקטאָר — האָט דער פעלדשער ראַפּאָרטירט — אָט דערדאָזיקער קראַנקער באַקלאָגט זיך אַז ער קאָן נישט שלאָפן, דער קאָפּ טוט אים וויי.

— וואָס איז דיר? האָט דער דאָקטאָר פעלעקן געפרעגט.

— דאָס אויער.

— נעם אַרויס די וואַטע.

פעלעק האָט קרעכצנדיק אַרויסגעשלעפּט די וואַטע און פון אינעווייניק האָט אַרויסגעזעצט מאַטעריע.

— אָ, וואַ! — איז דער דאָקטאָר אָפּגעשפּרונגען — אַ פלוצלונגער צופאַל!..

און צום פעלדשער האָט ער שאַרף באַפוילן:

— די רגע אים איבערשיקן אין אַ כירורגישן שפּיטאָל!

פעלעקן האָט מען געמאָסטן די היץ און אַריינגעפירט אויפן זאַל.

פאַר די קראַנקע איז עס געווען אַן איבעראַשונג.

פעלעק האָט געוווסט אַז באַלד דאַרף ער זיך שיידן; נישט געקוקט אויף דער שרעק צוליבן אומגעריכטן אָנזאָג, האָט עס אים אָבער אויך אַביסעלע הנאה געטון: סוף-כל-סוף וועט ער בייטן דאָס אָרט... אַ, וואָס דער טויט קאָן אים איצט אַ כאַפּ טון? — טראַכט פעלעק — לאַכט מען זיך אויס! סיי-ווי זיינע יאָרן פאַרשפּילט...

אַז דער דאָקטאָר איז אַוועק, זענען די קראַנקע צו פעלעקן צוגעשטאַנען און אים געבעטן:

— אָט געזעגנסטו זיך באַלד מיט אונדז און דו פאָרסט אין אַן אַנדער שפּיטאָל אַריין, אונדז וועט דאָך אָן דיר זיין אַזוי אומעטיק, טאַנץ, פעלעק, אַ קאַמאַרינסקע.

— טאַנץ, טאַנץ! — האָבן די קולות געכאָרכלט פון די בעטן אַראָפּ.

— טאַנץ!

— טאַנץ!

און פעלעק האָט זיך אַ וויג געטון.

ער האָט אויפגעריסן די אויגן און געקוקט שטאַר, געקוקט און געטראַכט, ווי ס'וואָלט אים שווער געווען וועגן עפּעס צו באַשליסן.

נאָר מיטאַמאָל האָט ער דערפילט אין זיך אַ דעצידירטקייט, ווי עמעץ וואָלט אים אונטערגעטריבן:

— טו צוליב, פעלעק; דו מוזט צוליב טון!

ניין, פעלעק וועט נישט אָפּזאָגן; ער וועט נישט אָפּזאָגן' ווען ער זעט פאַר זיך אַזויפיל אויסגעשטרעקטע הענט..· געוויין פון פאַרמשפּטע... ווי קאָן ער אַוועקגיין און נישט טאַנצן?.· ווי קאָן ער?.. כאָטש איינמאָל... דאָס לעצטע מאָל... ער וועט אַ טאַנץ געבן און זיך אָנצינדן, אויפפלאַקערן, שטאַרבן... אַזוי פיל קראַנקע ביי זיינע פיס... ווי קאָן ער אַוועקגיין? ער קאָן נישט, ער קאָן נישט, ער קאָן נישט... — — —

אין פעלעקן איז אויפגעגאַנגען אַ פרישער כח, נישט פון זיינע ביינער אַרויס און ער האָט אַ געשריי געטון:

— זינגט, שטאַרקער זינגט!

די חולאים האָבן אַרויסגעקנאַקט דעם באַקאַנטן רוסישן מאַרש און פעלעק האָט אַ שמיץ געטון פון זיך דעם מאַנטל, פאַרשליידערט די הענט, אַרונטערגעוואָרפן דעם קאָפּ אויף הינטן און זיך צעלאָזן אין אַ ווילדן „קאָזאַטשאָק". די פיס האָבן זיך געקרייציקט, געשניטן גיכער, גיכער און דער געזאַנג אַלץ העכער — ווי ער וואָלט זיך אָן באַלקן אָנגעקלאַפּט און פאַרשוווּנדן...

— שטאַרקער זינגט...

פּלוצים האָט פעלעק דעם טאַנץ איבערגעריסן און דעם קאָפּ אַרונטערגעבראָכן אויף הינטן.

— איך קאָן נישט מער!..

אין זאַל איז געוואָרן טויט-שטיל.

די קאַרעטקע איז אָנגעקומען און פעלעקן איבערגעפירט צו דער אָפּעראַציע...

1925

# פאַרשפּילט אַ לעבן

קיינער פון ר׳ קראַנקע געדענקט נישט ווען ער, פלאַכטע, איז אָנגעקומען אין שפּיטאָל אַריין. ליגט ער אַזוי אין אַ זייט, אָפּגערוקט פון די איבעריקע בעטלעך און וואַרט, ביז ער וועט אויסהויכן די זינדיקע נשמה.

אַז ס׳זענען זעונגען, קומען צו אַלעמען קרובים, פריינט — אויסער צו פלאַכטען ווייזט מען זיך נישט, ווי צו אַ היגמישע פּגירה. נאָר צו יעדער מאָלצייט, אַז דאָס שיטערע גלעקל אויפן הויף צעוויגט זיך, ווי דאָס געקלאַנג פון צעבראָכענע שערבעלעך, שטעקט פלאַכטע אַרויס דעם קאָפּ פון דער גנוי-וויסקע און מיט די איינגעפאַלענע אויגן דערלאַנגט ער אַ הילפ-לאָזן צייכן, אַז אויך ער, פלאַכטע, לעבט; שטעלט יאַנעק דער לופּושאַק אים אַוועק פאַרן פּנים אַ פאַרזשאַווערטע בלעך מיט ווערעמדיק קרויט, און אַ קאַלטע שטוצקע פערד-פלייש אויף אַ שטעקעלע אויפגעשטאָכן.

מ׳וואָלט זיך אפשר מיט פלאַכטען צעשמועסט און זיך דערוווּסט די אינטימע ווינקעלעך פון זיין לעבן, נאָר אַ טיפער עקל שטויסט פון אים אָפּ.

— פאַרוואָס האָט מען אים אַהערגעלייגט אין זאַל פון ד הויט-קראַנקע? — האָט עמעץ בייז געפרעגט.

— ווייס זיי די כאָלערע, אַזאַ אָרדענונג דאָ.

פלאַכטע הערט עס אויס און שווייגט. נישט ער ענטפערט.

נישט ער באַליידיקט זיך. אפשר דערפאַר וואָס ער איז אַזוי שוואַך און קאָן דאָס מויל נישט עפענען? און אפילו דאַמאָלס, ווען אַלעמען איז אויפגעלייגט אויפן האַרצן און מ׳נעמט זיך גראָב ווינצלען איבער פלאַכטען — שווייגט ער, ווי ער וואָלט געשלאָפן אין אַן אייביקן שלאָף.

אַ גאַנצן ווינטער איז פלאַכטע נישט אַרויסגעקראָכן פון בעט. יעדערס מאָל, ווען ער האָט באַדאַרפן אַריינגיין צום דאָקטאָר, האָט אים דער וועכטער וואָלינסקי געמוזט פאָרזיכטיק אונטערהייבן און נאָך שווערער מי אים אַריינליפערן אויפן „אַפּאַראַט".

אַז פלאַכטע האָט פאַרן דאָקטאָר אַראָפּגעוואָרפן דאָס גראָע העמד, האָט אַלעמען אַרומגענומען אַ שוידער.

— די לעצטע מדרגה פון צעפאַלונג...

דער גוף ביי אים איז באַשטאַנען פון עטלעכע אויסגעטרוקנטע ביינדלעך ווי ביי אַ סקעלעט און די הויט — פון קאָפּ ביז פיס — מיט שוואַרצע אויסגעביסענע רעדער, ענלעך צו דער פעל פון אַ יאַגואַר. דאָס פּנים — משונה-געל, שיטערלעך באַוואָקסן, מיט אַ טויטן-גלאַנץ באַצויגן; און אַנשטאָט אַ קאָפּ — האָט מען געקאָנט זען אַ גאָלע, אויסגעקראָכענע שייד, מיט גרויסע טיפע לעכער, וואָס האָבן זיך געוויסלט איבעווייניק, ווי אויסגעפרעסן פון אַ מחנה לעבעדיקע שטשאָרעס.

פאַרן דאָקטאָר פלעגט ער זיך קיינמאָל נישט באַקלאָגן, אָט אַזוי ווי ער האָט געשוויגן צווישן די קראַנקע, האָט ער אויך געשוויגן אין אָפּאַטרונעק-צימער.

מ׳האָט אים נאָר לייכט אָוועקגעזעצט אויף אַ בענקל און איינגעשפּריצט אַ סאַלוואַרסאַן אין דער אָדער.

אַז פלאַכטע פלעגט צוריק אַריינקומען אין זאַל, האָט ער זיך שווער אַראָפּגעלאָזן אויפן ראַנד פון בעטל און זיך נייגיריק פאַרקוקט אויף דער שטוב און אויף אַלעמען, ווי ער וואָלט איצט געקומען פון אַן אַנדערער וועלט. עטלעכע מאָל האָט ער

זיך טיף צעהוסט אין האַלדז אַריין און לייכעכצדיק אויסגעשפּיגן אין דער גרינער, איבערפולטער שיסל.

— ק—אַ—ל—ט...

איינער פון די קראַנקע האָט זיך געמוזט צובייגן און גוט אָנשטרענגען דאָס געהער, ווייל דער גומען, די צונג און די קעל, זענען ביי פלאַכטען געווען אויסגעפוילט און צעהאַקט אויף שטיקער, אפילו די ציין מיט די זשאָנשלעס זענען ביי אים געווען צעגריזשעט.

— וואָס ווילט איר?

— קאַלט, צודעקן...

פריילינגס־צייט אָדער זומער, פלעגט זיך פלאַכטע פילן בעסער און עטלעכע מאָל אין טאָג אַרונטער פון געלעגער.

---

איבערן צימער פלעגט ער אַרומשפּרייזן מיט ציטערדיקע און דראָבנע טריט, שטיין בלייבן ערגעץ ביי אַ ווינקל אָדער ביים פענצטער און גאַפן אַזוי אומבאַוועגלעך.

— רוק זיך אָפּ פון דאַנען! — האָט אַ קראַנקער אַ געשריי געטון אויף פלאַכטען און מיט כעס אים אָפּגעטריבן פון זיך.

— האָב נישט קיין מורא! — האָט דער עקזעמאַניק זיך צעבייזערט און זיך אָנגענומען פלאַכטעס עוולה — זע נאָר זע, ווי ער היט זיך די פעל...

— קרוליקעס באַרן זיך אים אויף די געהירן! — האָט דער קראַנקער אַלץ ווייטער זיך געקאָכט.

פלאַכטע האָט זיך צעכאָרכלט און אַזוי ווי מ׳זעגט האָלץ, אויף אַ שטילן קול אַריינגעסקריפּעט אין זיך אַריין:

— ביזט מער פראַנצעוואַטע פאַר מיר...

נאָך ענערגישער קוראַציע, אַז פלאַכטע האָט זין געפילט זיכערער, איז ער אַליין אַרויס צום קעסל נאָך מיטיק, געשטאַנען מיט דער צעבויגענער, פאַרזשאַווערטער בלעך ביז צום לעצט און זיך געטרייסלט פון קעלט.

— אַוועק, מנובל!

— גיי אין בעט אַריין, וועסט קריגן די מיכע!..

האָט פלאַכטע זיך געמוזט צוריק פאַרקלייבן אין ווינקל אַריין און זיך איינגורען אין דער גראָבער, רייבעדיקער קאָלדרע.

איז אויפן זאַל געוואָרן צוריק שטיל. פלאַכטע אַליין האָט אויך געפילט אַז ער איז נישט צווישן דאָס זייניקע. אַ שטאָק העכער ליגן זיי, די — צו וועמען פלאַכטע געהערט.

---

נאָכדעם ווי פלאַכטע האָט זיך אַמאָל שטיל צעוויינט, אָט אַזוי, נישט פאַר קיינעמען, נאָר פאַר זיך אַליין און טרוקן, האָלצערן אונטערגעהוסטלט — האָבן די קראַנקע פּלוצים דערפילט אַ נאָענטע התחייבות צום איינזאַמען פלאַכטע, אויף וועמען זיי האָבן ביז איצט קיין אַכט נישט געלייגט און אים אָפּגעטריבן פון זיך ווי אַ קרעציקע בריאה.

די קראַנקע האָבן זיך צוגעזעצט נעבן פלאַכטעס בעט און גענומען אים היימיש אויספרעגן, אַזוי ווי מ׳פרעגט אויס אַ חולא, בעת ער קומט דעם ערשטן טאָג אין שפּיטאָל אַריין.

און פלאַכטע דערציילט:

— נישט מיין שולד, נישט מיין שולד... איך בין אַן אָרנטלעכער מענטש... כ׳האָב אַן אייגענע כאַלופּע מיט אַ סך גרונט — נאָר דאָס ווייב... דאָס ווייב מיינס... זי...

פלאַכטע רייסט איבער און באַמיט זיך צו כאַפּן דעם אָטעם.

— אַהאַ, דאָס ווייב זיינס, אַ שרפה אויף איר! — האָבן די קראַנקע נערוועז געברומט.

— זי האָט אים אומגליקלעך געמאַכט!

— געווען אין דער מלחמה — דערציילט ווייטער פלאַכ-טע — געבענקט נאָכן ווייב... איר ליב געהאַט, ווי איר זעט מיך אַ לעבעדיקן, די אַפּאָפּלעקציע געקריגן פאַר בענקשאַפט... און זי האָט זיך אַרומגעוואָליקעט מיט די „מאָסקאַליעס״... אַהיימגעקומען און נישט געוווסט... איין נאַכט נאָר, מיינע הערן,

און פון דאַמאָלס... אָ, דאָ... אויפן בעטל...

פלאַכטע בלייבט שטיל. ער פילט אויף זיך דאָס אומ־גליק און קערט זיך אָפּ צו דער וואַנט.

— די ווייבער, די ווייבער... מ׳דאַרף זיי וויכטן, ווי די הינט!

די קראַנקע זענען געריירט פון פלאַכטעס ודוי. מ׳פאַר־רייכערט פאַפּיראָסן און אַזוי זיצט מען נעבן אים, ווי אַרום אַ פריינט — אַ גוסס.

בלויז איין פּיאָטראָווסקי וואַרפט צו:

— ער וועט גיין אין הימל אַריין...

אויפן הויף דערהערט זיך אַ קלונג. די קראַנקע צעקריכן אויף זייערע געלעגערס.

1925

# יסורים

דער אַלטער האָט זיך אויפגעכאַפּט אין בעט, אויפגעזעצט זיך מיט אַן אומפאַרשטענדלעכער אומרו און גענומען מורמלען אַ תּפילה.

אין דער הייך האָט זיך געהערט דאָס געבראַזגעריי פון די ווענעריקן און דאָס האַמפּערן זיך פון עטלעכע קראַנקע ביי אַ קערטל.

דער אַלטער האָט דעם ליאַרם כמעט ווי נישט געהערט — ער האָט געדאַווענט. ער איז געווען פאַרטון אין זיך, אַריינגע־קוקט טיף אין זיך אַריין — ווי אין אַ ווייטע, ליכטיקע וועלט.

...— ער איז מיין גאָט און מיין לעבעדיקער אויסלייזער, און דער אַלמעכטיקער איז מיין טייל אין אַ טאָג פון אומגליק. ער איז מיין פאָן און מיין רעטונגסאָרט; מיין באַגליקער אין טאָג ווען איך רוף צו אים. אין זיין האַנט גיב איך אָפּ מיין גייסט ווען אוך ווער אַנטשלאָפן, און ווען איך כאַפּ זיך אויף, קערט צוריק מיין גייסט אין מיין קערפּער. דער אייביקער איז פאַר מיר, דערפאַר שרעק איך זיך נישט.

דער אַלטער איז שטיל געבליבן.

קייגן איבער אים, אויפן אַנדערן בעטל, האָט זיך גע־ראַנגלט שכנא:

— אָ, ווע מיע! העלפּץ מיע! כ'הועע פאַברענט!

שכנא האָט זיך געוואָרפן, געכריפּעט אָן אָטעם, געוויינט הייזעריק, געכאָרכלט פון יסורים און אַרויסגעלאָזט אימהדיקע,

אומענטשלעכע געשרייען. ער איז געלעגן אין היץ און גע-האַלטן פאַרמאַכט זיינע אויגן. דאָס לייב אויף אים האָט גע-ברענט ווי אַ פייער און אָנגעצונדן אַלץ נייע ערטער.

נעבן אים איז געזעסן די אַלטע מאַמע זיינע, שטום, אָן לשון, מיט פאַרבראָכענע הענט און געשוויגן. אירע אויגן זענען געווען טרוקן און פאַרפלאַמט.

און אַז שכנאן איז געוואָרן שלעכט, די עפּענונגען פון האַלדז האָבן זיך פאַרלייגט מיט פרישע שטיקער פאַרפוילט בלוט — האָט די אַלטע זיך אויפגעהויבן פון איר געזעס, צו-געגאַנגען מיט אַ פען צו שכנאס נאָז און אויפגעשטאָכן אים די לעכלעך. עטלעכע מינוט האָט זי אים געקוקט אין פּנים אַריין און דערנאָך שווער זיך צוריק אַראָפּגעלאָזט אויף איר בענקל.

— מאַמע! מאַמע, העלף מיר! — האָט שכנא כסדר גע-שריגן און אַרומגעזוכט מיט די הענט אין דער לופט, ווי ער וואָלט דאָרט עמעצן געוואָלט כאַפּן.

דער קייגנאיבערדיקער קראַנקער האָט זיך צוגעדעקט אי-בערן קאָפּ אַריבער, צוגעקוועטשט מיט די פינגער זיינע אויגן-טירלעך און נישט אויפגעהערט צו דאַווענען:

— מיין גאָט! ריין איז די נשמה וואָס דו האָסט אַריינ-געגעבן אין מיר. דו האָסט זי באַשאַפן, דו האָסט זי אַריינ-געבלאָזן אין מיר און דו היטסט זי אָפּ אין מיר, און דו וועסט זי אויך צונעמען פון מיר און צוריקגעבן מיר אין דער צוקונפט וואָס וועט אַמאָל קומען. ווי לאַנג די נשמה איז אין מיר, דאַנק איך דיר, האַר, מיין גאָט און גאָט פון מיינע עלטערן, מייסטער פון דער גאַנצער שאַפונג, האַר פון אַלע נשמות. געלויבט ביזטו, האַר, וואָס דו בלאָזט צוריק אַריין נשמות אין טויטע קערפּער!

---

עטלעכע וועכטער זענען געקומען נעמען שכנאן אויפן אָפּעראַט, נאָר מ׳האָט אים מער נישט געקאָנט רירן. אַז מ׳האָט

אָנגערירט זיין לייב, איז עס ווייך געווען ווי וואַטע און צע־פאַלן אויף אים אין שטיקער; און אַז דאָס פלייש איז צעפאַלן — איז עס פאַרפוילט און פאַרשטונקען געוואָרן. זענען געקומען דאָקטוירים אויפן זאַל און באַטראַכט שכנאן. זיי האָבן גע־שאָקלט מיט די קעפּ און גאָרנישט געקאָנט טון.

האָט מען שכנאן אַריינגעלייגט אין אַ וואַנע און די גע־שרייען האָבן אויפגעבראָכן די ווענט. אין דרויסן איז געפאַלן אַ שניי, נאָר די קראַנקע — שיעור דערשטיקט פון גסרכה — זענען אין די העמדער אַרויסגעלאָפן אין דרויסן אַרויס.

האָט מען שכנאן אַ נאַקעטן צוריק אַריינגעלייגט אין בעט. ער איז געלעגן אויף אַ הויכן געבעט פון פודער, פון אויבן צוגעדעקט מיט אַ ליילעך און געציטערט.

*

ווען שכנא איז מיט אַ צוויי וואָכן צוריק אָנגעקומען אין שפּיטאָל אַריין, האָט ער אויסגעזען ווי אַ געזונטער מענטש. ער האָט זיך געוויגט איבער דער פּאָדלאָגע אויף זיינע שווערע שטיוואַליעס און באַחידושט אַלעמען מיט זיינע קליינע, שיקלדיקע אַרונטערגעדרייטע אייגלעך.

און אַז זיין קראַנקייט הייסט פּעמפיגוס — האָט שכנא נישט געוווסט; אַז צו זיין קראַנקייט איז נישטאָ קיין רפואה, מ׳צעפאַלט לעבעדיקערהייט, מ׳מוז שטאַרבן — האָט שכנא אויך נישט געוווּסט.

האָט זיך אין זיין לייב געעפנט שפּאַלטן, צעריטשעט גע־וואָרן און פאַרגאָסן געוואָרן מיט אייטער; און זיין פּנים האָט פאַרלוירן דאָס געשטאַלט פון אַ פּנים. זיין קאָפּ, זיינע אויערן, זיין נאָז — אַלץ האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ ברוין־אייטערדיק, שטינקעדיקער מאַסע. און אין דערדאָזיקער מאַסע, איז אויך צערונען געוואָרן שכנאס גומען. פון מויל האָבן זיך געגאַוועט פּאַסיקלעך שוואַרץ בלוט און די אויגן, באַגאָסן מיט אייטער, זענען אַרונטערגעקראָכן און זיך באַהאַלטן אונטער די ווונדן.

אַז מ׳האָט שכנאן אין דער ערשטער צייט אַראָפּגענומען פון בעט אַראָפּ — איז דאָס פלייש פון אונטער זיינע אָרעמס אפּערגעהאָנגען — ווי דאָס אָפּגעשינדענע פלייש אין אַ יאַטקע.

---

דער קייגנאיבערדיקער קראַנקער האָט זיך ווידער אויפגעזעצט, געדאַוונט און אַזוי אַרום געוואָלט פאַרטויבן אין זיך שכנאס געשריי. שכנא האָט זיך געראַנגלט אין יסורים, פון וואָס זיין בויך איז אַזש אָנגעבלאָזן געוואָרן ווי אַ פּענכער, אויפגעלאָפן און איינגעפאַלן.

אויפדערנאַכט איז שכנאן געוואָרן גאָר שלעכט. די קראַנקע האָבן פאַרברענגט אין עס־זאָל און נישט באַמערקט וואָס אינעווייניק, ביי שכנאן, קומט פאָר. דאַכט זיך, אַז ער איז געלעגן שטיל, אַזוי ווי ער וואָלט געשלאָפן אָדער גאָר פאַרטראַכט געקוקט אין גליעדיקן לעמפּל פון דער עלעקטרי.

נאָר פּלוצים האָט זיך שכנא אויפגעריסן פון שלאָף און האַסטיק אַראָפּ אויף דער פּאָדלאָגע. ס׳איז נישט געווען שכנא דער גוסס — נאָר אַ מעכטיקער צעפליישטער ריז, וואָס איז משוגע געוואָרן און אין משוגעת, גענומען גיך־גיך זיך דרייען אויף איין אָרט, ווי אַ הונט — וואָס וויל אָנכאַפּן זיין אייגענעם ווידל.

— אַ מעסער! אַ מעסער! ס׳—ב—ר—ע—נ—ט!

מ׳האָט שכנאן געוואָלט כאַפּן. אַ נאַקעטער איז ער אַריין אין די קאָרידאָרן, אין דרויסן אַרויס, אימהדיק און ווילד אויפגעהאַקט די פענצטער.

— ס׳—ב—ר—ע—נ—ט! אַ מ—ע—ס—ע—ר!

מ׳האָט שכנאן פאָרט אַריינגעלייגט אין בעט. דער קייגנאיבערדיקער קראַנקער האָט איבערגעריסן דאָס דאַווענען און פון פּחד פאַרגליווערט געוואָרן.

שכנא האָט זיך קראַמפּהאַפּט צענויפגעקאָרטשעט, אויפגע־
גאַנגען אין אַ העליש פייער און אַריבערגעשפּרייזט פון אַ יסורים־
דיקער וועלט אין אַן אייביקער, ליכטיקער וועלט אַריין.

---

ווען די דינערשאַפט האָט דאָס דערזען, איז שכנא שוין
געלעגן מיט קאַלטע, אויסגעצויגענע פיס, אַזוי ווי אַ פערד.

1928

# אַן אומגליק

— מאַטעק, מ׳דאַרף אַריינשלעפּן דעם באַראָן!
— מאַטעק, אַ זוידע וועש אַוועקטראָגן!
— דער דאָקטאָר איז געקומען, מאַטעק!
— מאַטעק, מאַטעק!..

אַנדערש האָט מען אים נישט גערופן. אַזוי האָט ער געהייסן אין דער בעקעריי, ווו ער האָט צום ערשט געדינט אַלס „יינג״ און שפּעטער — אַלס געזעלן; אַזוי ביי די האַליעס אַלס טרעגער און איצט — אין שפּיטאָל.

מאַטעקן אַרט עס נישט. וואָס-זשע, אַ „פּאַן״ איז ער, מ׳זאָל אים רופן מרדכי אָדער גאָר „פּאַניע מאָריץ״? און מאַטעק לעבט מיט אַלעמען בשלום. ער קאָן זיך מיטן דאָקטאָר, איז „פּאַן-בראַט״ מיט דערווירטין און אויסגעקאָכט מיט די וועכטער; ער דערלאַנגט יעדן גוט-ברודעריש אַ זעץ איבער דער פּלייצע:

— יאַק שע מאַש, בראַטשישקו?..

אַלץ געדענקט מאַטעק, חוץ איין זאַך — דאָס וויפלטע מאָל ער איז שוין אין שפּיטאָל:

— דע פּאַרדע „באַטאַליאָן״, דאָעס אי מאַ היים! — פּלעגט ער מיט אַ ברייטן און הייזעריקן געלעכטער אַרויספּאָרן — איע אָט ניש אַזויפיל האָע אין קאָפּ, וויפל „נאָדלען״, ספּושעפּראָשעניעם, מ׳אָט מע שוין פּאַריקט אין הינטן...

— ווייפל ?

אַ זעקסהונדערט אוודאי!.. נאָר ווער געדענקט ?..

מאָטעק איז שוין אַרומגעריטן אין אַלע שפּיטעלער. ער ווייס די „פּאָזשאָנדקעס" פון „לאַזאַר", פון „מאַטראַלאָגישן" און אַלע קליניקעס. אומעטום פאַרשרייבט ער זיך, נעמט זיך אויף און ליגט עטלעכע וואָכן, גיט ער נאָך אַ קראַץ אַראָפּ די לי־שייען — היידאַ, אין דרויסן אַרויס! גייען אָבער פאַרביי אַ פּאָר טעג — מאָטעק איז דאָ!..

---

מיט יאָרן צוריק, איידער מאָטעק איז געוואָר געוואָרן אַז ער איז קראַנק אויף דער „פאַרשאָלטענער פּסאָרע", האָט ער געאַרבעט אין אַ לעקעך-בעקעריי און אים איז געווען ווויל ווי די וועלט. שבת — אַ טו אָן דאָס נייע „גראַניטור" און די מיידן האָבן איינגענומען אַ מיתה-משונה! ווער האָט זיי געוואָלט קאָנען? די הענט פאַרשטעקט אין די הויזן-קעשע־נעס, מיט אַן אַרויסגעשטופּטן בויך, מיט אַן אָנגעצונדענער פּאַפּיראָס אין מויל, האָט ער זיך לאַנגזאַם שפּאַצירט אויפן סקווער, ווי אַ גראַף. דעמאָלס האָט זיך אין אים פאַרליבט זעלדע — אַ מויד, אַ טשוויק, מיט אַ פּאָר טראָמבעס — ווי די באָרקעס. פלעגט ער צו איר „נאַדכאָדזשען", זיצן טעג און נעכט, כאַפּן אַ קערטל און שפּילן אין טאַרניטשקע.

האָט זיך אָבער אָנגערוקט דאָס אומגליק, די לישייען האָבן באַדעקט זיין גוף ווי אַ פּאַנצער און ער האָט מער נישט געקאָנט אַ האַנט אַרויסשטעקן אויף דער ליכטיקער שיין — האָט מען אים אָפּגעזאָגט פון פּאָסטן.

— ווי קאָן מען אַזעלכעס צולאָזן צו אַ בייט קנעטן ?...

און אויף מאָטעקן האָט זיך אַראָפּגעשיט אַ בינטל צרות. ער האָט פאַרטאַכליעוועט דאָס „גראַניטור", אַרומגעגאַנגען קריעה־ובליה און ווען נישט זי, זעלדע ? — אָהאָ, וואָלט ער שוין פון לאַנג אויסגעשטרעקט די קאָפּיטעס...

---

מאַכט זיך, אַז מ'האָט זעלדען אָפּגעזאָגט פון דער שטעל און מאָטעק האָט נישט געוווסט ווו איר געביין איז אַהינגעקו-מען. ער האָט זיך אַרומגעשלעפּט אויפן סקוועד און אַז ס'איז צוגעפאַלן די נאַכט — האָט ער זיך אויסגעצויגן אויף אַ באַנק און געשלאָפן. זומער איז געווען אַ מחיה — ס'איז געווען קיל און לופטיק און ווען אים זאָל נישט פּייניקן דער הונגער, וואָלט ער אפילו נישט געדענקט אַז ער ליגט אין אָנטועכץ און אָן אַ קישן צוקאָפּן. ער וואָלט אַזוי געקוקט אין הימל אַריין, געמאָסטן די ווייטקייט צום „גרויסן בער" און אַז אַ שטערן וואָלט אַראָפּגעפאַלן — וואָלט ער אַזוי אויסגעשטרעקט די האַנט און געכאַפּט דעם שטערן גלייך אין דער האַנט אַריין. און מאָטעק האָט ברייט אַן עפן געטון דאָס מויל און זיך צעגע-נעצט. ווינטער — האָט ער זיך איינגעקאָרטשעט, קליין גע-וואָרן ווי אַן איינגעשרומפּענע אוגערקע, אַריינגערוקט דאָס פּנים אין אויפגעשטעלטן קאָלנער פון דער זעלנערישער בורקע און געציטערט.

איינמאָל ביינאַכט, אַז מאָטעק — אַן אַדורכגעווייקטער פון רעגן — איז אַזוי געלעגן אויף אַ באַנק און געחלומט פון אַ פרישׁ ברייטל, זעלדעס קאָטלעטן און אַ טאַרניטשקע — האָט זיך אויף אַ דערנעבנדיקער באַנק עפּעס שטיל גערודערט. מאָטעק האָט זיך אויפגעזעצט, איינגעהאַלטן דעם אָטעם און אָנגעשטרענגט די שליפיעס אין דער פינצטערניש אַריין; דאָרט האָט זיך גע-רירט עפּעס אַ שוואַרצע זאַך און דידאָזיקע זאַך, איז אַמאָל קורצער און אַמאָל לענגער געוואָרן, פּונקט אַזוי ווי ס'וואָלט געווען אַ לעבעדיק באַשעפעניש. מאָטעק האָט זיך נישט גע-קווענקלט, ער איז דרייסט אַראָפּ פון געלעגער און מיט איין שפּרונג געווען נעבן צעבויפגעדרייטן קנויל. ער איז צוגעגאַנגען נאָענט, אויסגעשטרעקט די האַנט און אָנגעטאַפּט אַ פּעקל ווייכע מלבושים, וועלכע זענען געווען פייכטלעך, קאַלט און אַדורכגעקלאַפּט פון דראָבנעם רעגן.

— ווער ליגט דאָ? — האָט מאָטעק געפרעגט, געשטאַנען אַן אײַנגעבויגענער נעבן דער באַנק און תּמעוואַט געגלאָצט אין דער פינצטערניש אַרײַן.

דאָס פייכטע פּעקל האָט זיך אַ ריר געטון און פּאַוואָליע זיך אונטערגעהויבן פון אָרט.

— ווער ס׳ליגט? אַ מענטש!

— פּאַוואָע גייסטי ניש אַ היים?

— כ׳האָב נישט קיין היים!

מאָטעק האָט זיך אַ שטאַרקן קראַץ געטון הינטן אין קאָפּ, פון וואָס ס׳היטל האָט זיך אים אַזש אַריבערגערוקט איבער די אויגן.

— שלאָפסטו אַזוי אַלע נאַכט אויפן סקוועד?

— כמעט אַלע נאַכט.

— און דער פּאָליציאַנט?

— אַז דער פּאָליציאַנט זעט נישט, שלאָף איך דאָ.

— און אַז ער זעט?

— גנבע איך זיך אַרײַן אין אַ הויף, אײדער מ׳שליסט צו די טויערן און כ׳לייג זיך אַוועק אויף די טרעפּ.

— פּאַוואָע גייסטי ניש אין גאָרטן אַראַן?

— דער סטרוזש האָט געזען און מיך פון דאָרט אַרויס־געטריבן.

— ער קנאַסט זיך?

— יאָ.

— אַ בראַנד אין זאַנע געדערים אַראַן!

— אוי, — האָט דער קנויל געקרעכצט, — ס׳איז נישט גוט... מ׳טרײַבט, מ׳יאָגט...

— מ׳טראַאַבט?...

— און זי? איהן נישט?...

— יאַך? כאָ־כאָ־כאָ! — האָט זיך מאָטעק הייזעריק פּאַ־נאַנדערגעלאַכט אויפן קול — מ׳עט מאַך אַנזעצן? עט זאַן בעסער.

מאָטעק האָט זיך צוגעשאַרט נענטער, אַרויפגעקראָכן מיט די פיס אויף דער באַנק אַרויף און זיך צוגעזעצט אויפן היל־צערנעם אָנלען.

— זאָרג ניש, בהמה! — האָט מאָטעק איר געטרייסט און דערביי זיך אַראָפּגעלאָזט מיטן גאַנצן גוף אויפן געלעגער.

— ווו גייען זי? — האָט דאָס באַשעפעניש מכּלומרשט זיך דערשראָקן — ס'עט דאָך זיין ענג...

— שאַט ניש, עט זאַן היימלעכער...

ווידער איז מאָטעק געלעגן מיט די אויגן אין דער וויי־טער פינסטערניש אַריין, נאָר איצט האָט ער גאָרנישט געקלערט. דער מוח זיינער איז געווען ליידיק, אַזוי ווי עמעץ וואָלט גע־נומען און מיט דער האַנט אַרויסגעראַבלט ס'ביסל געהירן פון מוח אַרויס. מאָטעק האָט דערשנאַפּט דעם ריח פון לייב און ער האָט זיך איינגעטוליעט אין דער מוידס פייכטע קליידער, ווי אין אַן איבערבעט. אים איז געוואָרן וואַרעם און די גע־בליטן האָבן אָנגעהויבן אַרבעטן גיכער, הייסער... מיטאַמאָל האָט מאָטעקן אָנגעכאַפּט עפּעס אַן אומפאַרשטענדלעכער באַגער: אים ווילט זיך אויפשטיין, לויפן, דערלאַנגען אין מאָרדע אַריין... קלאַפּט אָבער כסדר דער רעגן און טריפט אים אין האַלדז אַריין. נו, וועט ער שוין ליבערשט ליגן. וואָלט ער געהאַט בראָנפן, וואָלט ער געטרונקען, ער וואָלט זיך אָנגעזאָפן און פאַרגעסן אין דער נודנעקייט. און אים וואָלט אפילו דער הונ־גער אויך נישט געפּלאָגט. מאָטעק האָט פעסט אַרומגענומען ס'באַשעפעניש און פאַרקראָכן מיט אַ האַנט ערגעץ אויף אַ נאַ־קעט אָרט, וואָס איז געווען וואַרעם און רייביק, ווי אַ שטייפע ראָגאָזשע. ער האָט געשנאָרכט, איבערגעדרייט זיך פון איין זייט אויף דער אַנדערער און געפילט אַ זיסע פייניקונג אין אַלע אברים...

פלוצים האָט זיך דערהערט אַ טעמפּער הילך, אָט אַזוי

ווי אַ שווערע משא וואָלט מיטאַמאָל אַראָפּגעפאַלן און ליגן געבליבן אויף דער ערד.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַז מאָטעק האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער באַמערקט ווי די שפּיצן פון דער מוידס שיך, האָבן אַזש געגרייכט צו אירע אויערן, איבער וועלכע די האָר זענען צעשויבערטע אַריבערגעהאָנגען, ווי די פעל פון אַ פאַרוואָרלאָזטן, נישט גע־צוואָגענעם הונט...

---

אין עטלעכע טעג אַרום נאָך דערדאָזיקער באַגעגעניש, איז מאָטעק שוין געווען אין שפּיטאָל, געשטאַנען אַ נאַקעטער פאַר די דאָקטוירים און דער אָרדינאַטאָר האָט זיך געוואָנדן צו זיינע אַסיסטענטן:

— לועס! פיר קרייצן...

*

אַראָפּגעשאַרט די לישייען און אַריינגעכאַפּט אַ ביסל „באָד־לען" מיט „סאַלוואַרסאַן" — איז מאָטעק געווען אין שטאָט. ער האָט חתונה געהאַט מיט גיטלען און זי, די מויד, האָט מאָטעקן טאַקע אויף אַן אמת ליב געהאַט, געקראָכן אים אונטער די נעגל אַרונטער. בייטאָג — אויף בעטלער־ברויט — אויס־געפּרוירן געוואָרן אונטערוועגס, אויף די באַנען און אויפדער־נאַכט, געקאָכט גריץ מיט יאַכלעך פאַר מאָטעקן.

איז מאָטעק געוואָרן אַ טרעגער.

און אַז מאָטעק איז נאָכדעם אַוועק אין שפּיטאָל אַריין, איז ער שוין מער נישט געווען איינזאַם. אויף יעדער זעונג, איז דאָס ווייב צו אים געקומען מיט אַ „וואַלוווקע", זי האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי אים אויפן בעטל און אַראָפּדערציילט די פּאַסירונגען פון דער גאַנצער וואָך. און מאָטעק איז געלאָפן דאָ־אַהער, דאָ־אַהין, מעשה בעל־הבית; געשמועסט מיט די על־טערע יידן וועגן „ווייבערישע זאַכן" און געהאַט הנאה פון וואָרט

„ווייב", „שווער" און „שוויגער". ער, מאָטעק, וואָס איז געשלאָפן אויפן סקווער — ער איז אַ מאַן... און מאָטעק האָט זיך פאַר־רויטלט אונטער דער מאַשטשירטער הויט און אַרויסגעוויזן צוויי שורות צעפוילטע, אויסגעבראָכענע ציין.

און איידער מאָטעק האָט נאָך פאַרלאָזן דאָס קראַנקן־בעט איז ס'ווייב צו אים געקומען, אים איינגערוימט אַ סוד אין אויער — זי פילט זיך שלעכט, ס'שטעכט איר אונטערן האַרצן און די פיס זענען איר געשוואָלן געוואָרן.ביידע האָבן גע־הוסט פון וואַנען דאָס נעמט זיך צו איר און זיי האָבן זיך אויף דעם געריכט, ווי אויף אַ זאַך וואָס מוז קומען... דערפאַר זענען זיי געוועזן רויק. און פאַרוואָס האָט זי, גיטל, נישט געזאָלט זיין רויק? מיט איר גוטן ווילן איז זי דאָך געגאַנגען צו דער חופה — — —

— ס'עט גאָניש העלפן, גיטל — האָט מאָטעק געזאָגט צום ווייב און פאַרזשמורעט מיט אַן אויג, פון וואָס זיין פנים איז אַזש צעקרומט געוואָרן און אויסגעזען ווי אַ שטיק צע־קנייטשטע, אָפגעריבענע לעדער — מיסט אַראַגיין צי'ן דאָקטע, עסט נעמע אַ פאָע באָדלען, עסטי זאַן געזינט.

צומאָרגנס האָבן זיך שוין ביידע געפונען אונטער איין דאַך — ער צווישן די מענער און זי — אין דער פרויען־אָפּטיילונג. מאָטעק האָט זיך געדרייט הינטער דער וואַנט, אַזוי ווי אַ הונט וואָס דערפילט די הינטיכע; ער האָט געגנישטערט, געזוכט אַ שפּאַרע, נאָר פונקט ווי אין תּפיסה, זענען זיי ביידע געוועזן אָפּגעטיילט מיט אַ פעסט־פאַרשלאָסענער טיר.

---

אַז גיטל, מאָטעקס ווייב, איז שוין געוועזן אין די „העכע־רע חדשים", איז מאָטעק געוואָרן אומרויק, ער האָט פּלוצים דערפילט דאָס ביטערע אומגליק פון זיין קראַנקייט. ער האָט אויפ־געהערט שמועסן מיט די חולאים, שעהבווייז געלעגן אויף זיין בעטל און תמעוואַט געקוקט אויפן באַלקן. ער האָט פאַרשטאַנען

אַז אָט-אָט ווערט ער אַ טאַטע; נאָך אַ לעבעדיק נפש וועט זיין אויף דער וועלט און זיך אַרומשלעפּן מיט אַ זינדיקער ירושה אין בלוט און גרויסערהייט, פילן דאָס זעלבע אומגליק, ווי ער איצט — מאָטעק. און אַז דאָס קינד וועט אונטערוואַקסן, וועט עס צושטיין צו אים, צו מאָטעקן מיט אַ טענה: „מאָטעק, פאַר-וואָס האָסטו מיך געבּרענגט אויף דער וועלט, האַ, מאָטעק?..״

און מאָטעקן נעמט אַרום אַ שוידער. ער וויל אַנטלויפן פון זיך, פון אייגענעם גוף אַרויס...

מ׳האָט גיטלען איבערגעפירט אין דער געבורט-אָפּטיילונג אַריין און מאָטעק איז געוואָרן צעטראָגענער, כמעט שוואַרץ ווי די ערד. גיטל האָט אין די אויגן פון מאָטעקן אָנגענומען דאָס געשטאַלט פון אַ הייליקע; זי איז דאָך זיין ווייב, מאָטעקס ווייב... צוליב אים ליידט זי און איצט וועט זי ברענגען פון אירע גע-דערים אַרויס אַן אומגליק — זיין אומגליק... וואָס וועט ער טון? ווי אַזוי וועט ער זיך פאַרענטפערן?.. ווי אַזוי?..

און די פאָטער-ליבע האָט זיך אין אים צעבּליט, שטאַר-קער געוואָרן און זיך אויפגעהויבן אין אים ווי אַ באַרג. מאָטעקן האָט פאַרפאַלגט דער געדאַנק: וואָס וועט זיין, אַז מ׳וועט אים אַ רוף טון און אָנזאָגן די שרעקלעכע בשורה? — נישט קיין קינד וועט ער זען, נאָר אַ פּאָר צעפּרעסטעביינדלעך פון אַ צעפּוילט פאַרזעענישל... דאָס פלייש צעפּאַלן, די הענטלעך מיט די פיסלעך אויסגעקרומט און די אייגלעך פאַרגלייזט...

מאָטעק פאַרשטעלט דאָס פּנים מיט די הענט, ער וויל נישט זען, זאָל מען אים נישט פּייניקן...

— מזל-טוב, מאָטעק! — האָט פּלוצים די ווירטין אויס-געדופן, נאָכדעם ווי זי איז אַריינגעקומען פון הויף און אָפּגע-טרייסלט פון זיך דעם שניי.

מאָטעק האָט זיך צונויפגעקאָרטשעט, נישט פאַרשטאַנען וואָס מ׳חיל פון אים און אינגאַנצן געציטערט.

— מאָטעק, — האָט די ווירטין נאָכאַמאָל איבערגעחזרט — גיכער, דאָס ווייב האָט געבוירן אַ טעכטערל!..

— וואָס? אַ טעכטערל? מאַ וואַב — אַ טעכטערל?..

אַן איבעראַשטער האָט ער אויפגעריסן די טיר און אַרויס אין דרויסן. אַ כוואַליע פון נייגיר און שרעק האָט אים געטראָגן ווי אַ ווינט — און פאַר די אויגן האָט ער געזען אַ שטיקל צעריסן פלייש... דאָס ווייב ליגט פאַרחלושט, די האָר צעשויבערט און אַלץ שרייט אין אים: „דיין אומגליק, מאָטעק! דיין אומגליק!..”

אויפן זאַל איז געמיטלעך. די קראַנקע האָבן נאָר וואָס אָפּגעגעסן מיטיק און דערציילן מעשיות. אין דרויסן האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אַ זאַווערוכע און דורכן פענצטער שלענגלט זיך אַוועק אַ ווייסע, זילבערנע לאַנדשאַפט.

באַלד איז צוריק אַריינגעפלויגן מאָטעק. דאָס אויסגעשמירטע פנים איז ביי אים געווען דערהיצט און די אויגן האָבן געברענט ווי ביי אַ חיה, בעת מ'ראַטעוועט איר אָפּ פון אַ געפאַר.

— גיך מאַ אָפּ מזל-טוב! — האָט מאָטעק אויסגעשריגן מיט איבערפולטער פרייד.

— נו, טאַקע אַ טאָכטער? — האָבן אים די אַלטע לייט איבערגעפרעגט און מנוחהדיק זיך געקראַצט אונטער די פאַכוועס.

— אַ טאָכטער — אַ וויעפּש, מיט אַ קאָפּ שוואַרצע קודלעס.

1926

# ער וויינט...

סטאַניסלאַוו לעגוצקי, אַ ריזיקער פּאַרשוין, אַזוי ווי אויס־געהעמערט פון קופּער, האָט ראַפּטעם אַראָפּגעשליידערט פון זיך די קאָלדרע, אַראָפּגעטון די פיס אויף דער פּאָדלאָגע און זיך צוגעזעצט אויפן ראַנד פון בעטל. ער האָט פאַרדעקט דאָס פּנים מיט די באַנדאַזשירטע הענט און ספּאַזמאַטיש זיך צעוויינט.

די קראַנקע האָבן זיך מיטאַמאָל פאַרלוירן, נישט געוווּסט פון וואַנען ס׳געוויין דערטראָגט זיך. נאָר אַז מ׳האָט דערזען דעם פאַרצווייפלטן לעגוצקי — זענען אַלע אַראָפּ פון די בעטן און אין אַ קראַנץ, אויף די קני, זיך אַנידערגעוואָרפן בײַ לע־גוצקיס פיס.

— וואָס איז דיר? טײַערינקער! וואָס איז?..

— באַרויק זיך, סטאַניסלאַוו, געדענק אָן גאָט!

— אָ, יעזוס ליבער!..

— יעזו!..

נאָר לעגוצקי האָט אַלץ נישט אָוועקגענומען די הענט פון פּנים און געציטערט מיטן גאַנצן קערפּער:

— וואָס וויל מען פון אונדז האָבן? וואָס פּייניקט מען אונדז?..

— ווער האָט דיר דען שלעכטס געטון?..

— מײַן יינג לעבן...

די אויסגעבלייכטע קראַנקע זענען נאָך בלאַסער געוואָרן

און אויסגעזען ווי צעפּלאָשעטע שאָף ערב אַ שטורעם.

— און אונדזער לעבן, סטאַניסלאַוו? האַ?.. עך, מאַך זיך נישט נאַריש! — דער אַלטער פּאָטשטיליאָן האָט גענומען גראַבּלען אין בוזעם־קעשענע און לסוף אַרויסגענומען פון דאָרט אַ פּאַפּירל אין וועלכן ס'זענען געווען אייַנגעוויקלט עטלעכע ביליקע פּאַפּיראָסן — נאַ, דאָ האָסטו אַ פּאַפּיראָס, פאַררייכער און זיי אַ מענטש!

— איך זאָל נישט וויינען, זאָגסטו? איך בין דאָך אַ קרעציקער הונט... נעם, ברודער, דערהרגע מיך! — האָט לעגוצקי אָן אויפהער געהעשעט.

דער גרויסער, פליישיקער קערפּער פון שאָפער, האָט זיך צענויפגעדרייט אין שוואַרצן, בלעכענעם העמד, מגושמדיק אַזוי ווי אַ פערד, ווען עס פאַלט אויף די פאָדערשטע פיס...

— נו, וואָס קאָנען מיר טון? מיר זענען אומגליקלעכע... — האָט אים דער אַלטער פּאָטשטיליאָן געטרייסט און דערבײַ אָנגעצונדן די מאַכאָרקע.

— אַזויפיל יאָרן... איבער אַזויפיל שפּיטעלער... איך האָב געקאָנט זיין אַ לייט... האָבן אַהיים, אַ שטוב... און אַזוי וואָס בין איך? — אַ לאַבאַיאַזש...

— אַזעלכע מענטשן ווי מיר, איבעריקע, אומנוצלעכע — רוקט זיך אונטער ווי אַ שאָטן, דער רוס טאַטאַרענקאָ — אַזעלכע מענטשן דאַרפן זיך דערשיסן...

טאַטאַרענקאָס באַמערקונג ווירקט שלעכט.

— גיי, בייס זיך אָפּ די צונג און באַהאַלט דיין פּזמון! — האָט דער פּאָטשטיליאָן בייז אָפּגעטריבן טאַטאַרענקאָן.

נאָר די קראַנקע קאָרטשן זיך צענויף. אַ טייל צעקריכן אין די ווינקלען, אויף די בעטלעך, צום אויוון.

אויפן זאַל איז טונקל. אַ שאָטן פון פלעמל פאַלט אויפן צלם. — דאָס קומט אַרויס דערפון אַז ס'איז שטיל, ליגט מען

און מ׳טראַכט און אַז מ׳טראַכט — איז נישט גוט... — האָט דער אַלטער פּאָטשטיליאָן געמוסרט — וויפל מאָל האָב איך אייך געבעטן: זינגט, טאַנצט, דערציילט מעשות... ס׳האָט דאָך נישט קיין זינען זיך אויפצועסן לעבעדיקערהייט...

— וואָלט קיינער נישט געקומען פון דער שטאָט — טענהט יאַן דער בעקער, וואָס קאָן זיך נישט רירן פון אָרט — וואָלט גלייכער געווען. וואָלט מען כאָטש פאַרגעסן... מ׳וואָלט נישט געדענקט אַז חוץ אונדז, זענען נאָך ערגעץ פאַראַן מענטשן — אָנגעטועני, געזונטע, פרייע...

— אונדז איז דאָך ערגער ווי אין תּפיסה: אי אָפּגעשלאָסן פון דער וועלט, אי קראַנק... — האָט לעגוצקי אַ האַלב־באַרויקטער זיך באַקלאָגט.

— גאַנץ גוט אַזוי — האָט אים געענטפערט טאַטאַרענקאָ — וויפל ס׳קומט אויף אונדז, איז נאָך ווייניק... מיר זענען טכויזשעס, שוואַכלינגען!..

— פאַרפאַלן, אַזוי איז שוין די וועלט! מ׳קאָן נישט גיין קעגן גאָט. — האָט געזאָגט פּיאָטראָווסקי און זעלנעריש מאַרשירט איבער דער פּאָדלאָגע.

— וועלט? וואָס פאַר אַ וועלט? — האָט זיך טאַטאַרענקאָ איינגעעקשנט — מענטשן, וועלכע קאָנען נישט לעבן און נישט שטאַרבן, וואָס געהערן זיי זיך אָן מיט דער וועלט?

---

פאַראַן מינוטן, ווען לעגוצקי בלייבט שטיל. ער ציט זיך דאַמאָלס אויס אויפן בעטל מיט די אויגן צום באַלקן און טראַכט. און אפשר טראַכט ער פון דעם, וואָס ער וועט מוזן דאָ אויסלעבן זיינע יאָרן, דאָ שטאַרבן?..

ווען ער הערט אויף טראַכטן, זעצט ער זיך אויף, רופט צו זיין פריינט פון שכנותדיקן בעטל און ווייזט אים אַ פאָטאָגראַפיע. וויפל מאָל האָט יענער זי שוין געזען? אַמאָל פופציק

אוודאי. נאָר לעגוצקי געדענקט נישט. ער האַלט דאָס פּאָטאָ־גראַפיעלע מיט צוויי שפּיצן פינגער, וועלכע קוקן אַרויס פון אונ־טער די באַנדאַזשן און טייטלט מיט דער אַנדערער פאַרבונדע־נער האַנט.

— אַ יינג, האַ? ס'איז דאָ וואָס אָנצוקוקן?..

לעגוצקי, אַ מיליטער־מאַן, מיט אַ פּאָר גרויסע אַראָפּהענ־געדיקע וואָנסן ווי די בעזימער, קוקט אַראָפּ פון פּאַפּירל און ס'ווילט זיך נישט גלייבן — ער, דער לאַבאַיאַזש? — — —

דערציילט לעגוצקי:

— איך בין אַ לאַבאַיאַזש? דו קאָנסט מיך נישט, בראַטשע! איך בין אַ שאָפער, אָבער נישט אַזעלכער, ווי די היינטיקע שאָ־פערן. איך בין אויך אַ מעכאַניק און זיי? — לאַזשאָרניקעס! זיי קאָנען זיך אויף אַ „מאַשינקע"? — אַזוי ווי אַ קו אויף אַ קאָמפּאַס. אַזוי ווי אויף אַ קאָמפּאַס, בראַטשע!..

שמייכלען די קראַנקע אָן אַ זייט:

— אפשר איז ער נישט קיין שאָפער?

נאָר פּרוווט דאָס זאָגן לעגוצקין? — ער וואָלט זיך אָנ־געצונדן, געוואָרפן זיך ווי אַ הונט אויף דער קייט, געזידלט זיך אָדער גאָר צוגעקוליעוועט, אָנגעכאַפּט יענעם מיט די פאַר־בונדענע הענט, ווי מיט שטאָלענע צוואַנגען און געלייגט אויף די לאָפּאַטקעס...

רופט מען אים מיט כבוד:

— הער שאָפער, צום אָנבייסן!

— אַ קערטל, הער שאָפער!

---

אויך אַ געליבטע האָט ער געהאַט. וואָס פאַר אַ ברען פון אַ נקבה! און לעגוצקי ציט אַרויס נאָך אַן אָפּגעריבן פּאָטאָ־גראַפיעלע, וואָס איז פול מיט פלעקן פון געוועגזלטן הערינג, טיטין און בראָנפן, דאָך קאָן מען נאָך עפּעס זען.

— זי האָט די נכּפה געקריגן. און וואָס האָט זי פּאַר מיר נישט געטון? געהאָלפן מיר, געהאָלפן און געהאָלפן... זי האָט געמיינט כ'וועל זיך אויסהיילן... ווי לאַנג איז אָבער דער שיעור? אַ פרוי קאָן נישט וואַרטן. האָט זי גענומען און חתונה געהאַט פאַר אַ באַאַמטן, אַ פייער אין זיין מאַמען אַריין!..

און אַז לעגוצקי טאַטואירט אויס זיין לייב מיט נאָדלען, ווי דער שטייגער איז אין תּפיסות — צייכנט ער אויף אַ האַרץ, אַ שווערד, אַן אַנקער און אַ נאַקעטע פרוי, דערביי באַמיט ער זיך, אַז דאָס פּנים פון דער אויסגעטאַטואירטער אויפן דיקן פלייש פון זיין קראַנקן פוס, זאָל זיין ענלעך צום פּנים פון יענער, אויף דער פאָטאָגראַפיע... נאָר אַז ס'איז נישט אינגאַנצן ענלעך, לאָזט ער אַראָפּ דעם קאָפּ פאַרטרויערט...

צוליב דערדאָזיקער פרוי און צוליב זיין קראַנקייט, האָט לעגוצקי גענומען טרונקען.

— שכּרות איז אַ רפואה, מ'ווערט אַן אַנדערער מענטש! אַז מ'זויפט זיך אָן, פאַרגעסט מען...

האָט ער דערפאַר אַריינגעגאָסן אין זיך דעם בראָנפן ווי אין אַ פאַס אַריין, נאָכדעם אַלעמאָל געשלאָגן די קראַנקע און געריטשעט מיט ווילדע קולות.

אין שפּיטאָל איז פאַרווערט אַלקאָהאָל, נאָר תּמיד האָבן זיך אונטער לעגוצקיס בעטל געוואַלגערט אויסגעליידיקטע פלעשער און אונטערן קישן — אַ צוויי, דריי פול מיט בראָנפן.

— מיר זענען סיי-ווי אַלקאָהאָליקער — האָט לעגוצקי גע-פאָנפערט אַ בגליפונער — טרונקען מיר נישט, האָבן אונדזערע טאַטעס געטרונקען, וועלן אונדזערע קינדער טרונקען... נישטאָ וואָס אָנצוווערן — אונדזערע קראַנקייטן זענען דאָך אַלקאָהאָלישע...

און וואָס מער לעגוצקי האָט אַריינגעקערט אין זיך דאָס ביטערע — אַלץ שוואַרצער, אַלץ פאַרברענטער איז געוואָרן זיין צורה.

— זויפן... אַריינגיסן... שכּורן...

קוים איז לעגוצקי געלעגן אַן אָנגעטרונקענער, האָט ער גענומען וויינען אויפן קול, אָבער זיינע טענות זענען געווען ניכטערנע. ער האָט באַקלאָגט זיין גורל...

דאָס האַרץ פון קראַנקן האָט אויפגעצאַפּלט און אויף יעדן בעט באַזונדער, האָט פּלוצים אַלעמאָל זיך צעוויינט אַן אַנדערער...

1928

# פיר...

פון די זעקסאונצוואַנציק קראַנקע אויפן זאַל, האָט מען היינט פיר אָפּערירט.

פאַרטאָג איז געקומען דער גלח. די קראַנקע האָבן זיך מתוודה געווען און זיך איבערגעצלמט. זיי האָבן זיך צוגעגרייט צו דער אָפּעראַציע, אַזוי ווי אַלטע פרומע לייט, איידער זיי האַלטן ביים שטאַרבן און זיי לייטערן זיך, כדי נאָכדעם ווי זיי וועלן זיך שיידן מיט דער זינדיקער וועלט, גלייך צו קאָנען אַריינקומען אין גן־עדן.

אויפן זאַל איז דעריבער שטיל. מ׳רעדט צווישן זיך ווייניקער ווי דאַמאָלס, ווען ס׳קומען נישט פאָר קיין אָפּעראַציעס. יעדער איז פאַרטון מיט זיך, מ׳חשבונט אויס די טעג, די וואָכן, די יאָרן, — עמעצער, אַ בלייכער, צעהוסט זיך, גיט אַ פּאָך מיט אַ האַנט אין דער בלענדיקער ווייסקייט אַריין און פאַרגייט אין יסורים...

קראַנקע זענען אויף... מ׳האָרכט זיך איין אין יעדער באַוועגונג — צעשראָקענע אויגן קוקן אין דער ווייטקייט אַריין — מ׳זעצט זיך אויף אין די בעטן און מ׳וואַרט... מ׳וואַרט... — —

באַלד דאַרף עס געשען.

ס׳איז פאַר מיטיק־שעה. אין דרויסן האָט אַ שניי זיך אַראָפּגעלאָזן אויף דער ערד. די קרישטאָלענע ווייסקייט שניידט

זיך אַריין דורך די פענצטער און פאַלט ווי אַ קלאָר ליכט אויף דער פּאַדלאָגע.

די אומרויקייט פֿייניקט. אָנגעשטרענקטע פּנימער זענען געוואָנדן צו דער „מאַטקאַ באָסקאַ", צו דער אַמבאָנע, צו דער טיר...

---

ס׳האָט זיך דערהערט אַ שאַרן פון קליינע, אייזערנע רעדעלעך. די בליקן זענען שטייפער געוואָרן, די אויערן — אויסגעשפּיצטער. אויפן זאַל האָבן זיך באַוויזן די וועכטער מיטן וועגעלע איבערצופירן דעם קראַנקן אין אָפּעראַציע-צימער. נעבן די וועכטער איז מיטגעגאַנגען די באַרמהאַרציקע שוועסטער און אין דער שטילקייט האָט מען געהערט, ווי דאָס צלמל וואָס איז באַכגעהאָנגען אויף איר קלייד, האָט זיך געוויגט און אָנגעשלאָגן זיך אָן די שוואַרצע, גרויסע קרעלן.

די קראַנקע האָבן אויפגעשוידערט, זיך צענויפגעקאָרטשעט אין אימה און אַ געדאַנק — ווי שטאָל, האָט זיך אַדורכגעשניטן איבערן זאַל:

— וועמען?

נאָר באַלד איז אַלעמען קלאָר געוואָרן.

דאָס וועגעלע האָט זיך צוגעשטעלט ביים בעטל 7. אויפן בעטל איז געלעגן מאַריאַן — אַ בלאָנדער יונגערמאַן, מיט אַ גלאַטער, לאַנגער טשופּרינע. ער האָט זיך אויפגעזעצט רויק, כמעט מיט אַ שמייכל, פאַרענדיקט רויכערן די פּאַפּיראָס, האָט ער זיך גענומען אָנטון.

מאַריאַן האָט נישט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ מענטשן, וועלכער גרייט זיך צו דער אָפּעראַציע, נאָר פון איינעם, וואָס גייט ערגעץ אין אַ שליחות.

— איך וועל זיך נישט לייגן אויפן וועגעלע — זאָגט מאַריאַן צו די וועכטער — האַלט מיך צו און איך וועל גיין אַליין.

— אפשר וועט אייך זיין שווער?

— ניין. איך וועל קאָנען.

די וועכטער נעמען אַרום מאַריאַנען. ער האַלט זיי גוט אַרום און ווייזט נישט אַרויס קיין ווייטיק. ביי דער טיר שטעלט ער זיך צו, ער דרייט אויס דעם קאָפּ צו די קראַנקע:

— צום ווידערזען, מיינע הערן!

*

אויפֿן בעטל 25 ליגט ווינצענטי. מ'דאַרף אים אַרויסנעמען אַ קויל פֿון די לונגען. שוין פֿיר יאָר צייט טראָגט ער אין זיך דאָסדאָזיקע שטיקל בליי און היינט וועט דערצו נעמען אַ סוף. ווי'נצענטי איז אַ זון פֿון אַ פּאַראָבעק אין אַ דאָרף. דער פֿאָטער איז ביי אים איינמאָל געווען, צעשראָקן זיך צוגעשאַרט צום בעט, געקושט זיך מיטן זון און דערביי געווישט די קליינע, תמעוואַטע אייגלעך.

פֿאַרטאָג האָט ווינצענטי געשיקט נאָכן גלח. ער איז היינט אומרויק, ווינצענטי. דערפֿאַר האָט ער זיך מתוודה געווען, דער־ציילט אַלע זיינע זינד און אַז דער גלח איז אַוועק — האָט זיך ווינצענטי נאָך אַלץ כּסדר געצלמט, געצלמט זיך און געמורמלט, געמורמלט און געצלמט...

ווינצענטי ליגט און וויינט. ער וויינט שטיל אין זיך אַריין און ציטערט.

נאָר ווען ער דערמאָנט זיך, וואָס מיט אים וועט געשען אין עטלעכע מינוט אַרום — זיין לייב וועט זיין אויפֿגעשניטן און פֿרעמדע הענט וועלן דאָרט אַרומגראַבלען, ווייל ער מיט גע־וואַלט אָפּשטויסן דעם געדאַנק.

— זאָל ער דאָס נישט זען, זאָל ער כאָטש נישט זען.

און שטאַרקער גראָבט ער איין דעם קאָפּ אין קישן:

— יעזו!

— זאָל זיין געלויבט דורך דעם אַלערהייליקסטן סאַקראַ־מענט. זאָל זיין געלויבט דורך דעם אַלערהייליקסטן סאַקראַמענט. זאָל זיין געלויבט דורך דעם אַלערהייליקסטן סאַקראַמענט...

אַ טויט שווייגן.

די וועכטער זענען אַריינגעקומען און אים געהייסן זיך אָנטון. ווינצענטי האָט זיך נישט אַנטקעגן געשטעלט, ער האָט געפאָלגט און אַלץ געטון וואָס מ׳האָט אים געהייסן.

ער האָט אָנגעטון דעם מאַנטל און געוויינט, אָנגעטון די לאַטשן — געוויינט...

איבערן זאַל איז ווינצענטי געגאַנגען געהאָרכזאַם ווי אַ קינד, מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ צו דער ערד, אַזוי ווי איי־נעם וואָס מ׳פירט צו דער עקדה — ער האָט כסדר געווישט די אויגן און געוויינט...

*

און אַז די וועכטער זענען געקומען נעמען סטעפּעקן, האָט סטעפּעק שנעל פון זיך אַראָפּגעשלײדערט די קאָלדרע און האַס־טיק אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט. אַ צווילדעוועטער האָט ער זיך אויסגעלאָזט לויפן איבערן זאַל, ער איז געלאָפן — און די וועכטער נאָך אים. ער האָט געריטשעט מיט משונהדיקע קולות און זיך נישט געלאָזן כאַפּן.

ווי אַ געיאָגטע חיה אין לעצטן געפאַר, איז סטעפּעק גע־לאָפן איבער די קאָרידאָרן — אין קלאָזעט אַריין, אין באָד אַריין; ער האָט געוואָלט ערגעץ זיך באַהאַלטן אין אַ לאָך, מ׳זאָל נישט וויסן ווו ער איז, די וועכטער־ייִנגען זאָלן אים נישט געפונען און נישט איבערגעבן אים צו די דאָקטוירים.

נאָר די וועכטער האָבן סטעפּעקן אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן — אָט־אָט און זיי וועלן אים כאַפּן; סטעפּעק האָט זיך געראַנגלט, דערנאָך אַדורכגעריסן אַ וועג און געוואָלט אַרויס־שפּרינגען דורכן פענצטער...

סטעפּעק איז מיד געוואָרן. ער האָט געפילט אַז די כוחות פאַרלאָזן אים — נאָך אַ רגע און ער וועט פאַלן ווי אַ דער־שאָסענער הונט. סטעפּעק האָט נישט קיין צייט געהאַט צו טראַכטן, ער האָט געפאָכעט מיט די הענט אין דער לופט, ווי ער וואָלט

מיט די הענט געוואַלט פאַרטרייבן אַ פלאַם, וואָס זעצט פון דער נאָנט גלייך אין סאַמע פּנים אַריין. אַ פאַרפאָלגטער איז ער צוריק אַריין אין גרויסן זאַל, זיך אַנידערגעשליידערט אויף דער ערד פאַרן קריסטוס=בילד און מיט די נעגל זיך איינגעקלאַמערט אין די ברעטער.

די וועכטער האָבן אים געוואָלט אָפּרייסן פון דער אַמבאָנע, נאָר ער האָט געלעקט און געביסן זייערע פיס. זיין מויל האָט זיך געשוימט און אַזוי ווי אין משוגעת, האָט ער כסדר געהאַקט מיטן קאָפּ אָן דער פּאָדלאָגע:

— אָ, יעזו! אָ, יעזו! אָ, יעזו!..

אויך נאָך טאַדעושן זענען די וועכטער געקומען.

נאָר טאַדעוש האָט געשוויגן.

פון פאַרטאָגס אָן האָט ער נאָך נישט אויסגערעדט אַ וואָרט. ס'זעט אויס אַזוי ווי ער וואָלט געווען שטאַרק פאַרקלערט.

ס'פּנים איז ביי אים אויסגעצויגן, געל און אָנגעשטרענגט. באַלד וועט דאָס פּנים זיין בלאַס. אָט קוקן אַרויס אַלע אָדערן פון אונטער דער הויט, אַזוי ווי זיי וואָלטן געווען אָנגעשוואָלן. דאָס מויל איז ביי אים אויסגעקרומט און איינגעביסן מיט די ציין אין די ליפּן.

— הער טאַדעוש, נעמט אויף זיך דעם מאַנטל.

טאַדעוש זעצט זיך אויף, ער לאָזט אַראָפּ די פיס אויף דער פּאָדלאָגע, ער טוט זיך אָן.

— קומט! — זאָגט צו אים די באַרמהאַרציקע שוועסטער.

און טאַדעוש גייט. ער גייט גלייך און שטאָלץ. נישט געהויקערט. דאָס פּנים זיינס זאָגט אויס פון עקשנות און פאַר=האַרטעוועטקייט. און די אויגן האָבן אין זיך אַזאַ פייער, וואָס מ'קאָן נאָר זען ביי הייליקע...

וואָס טראַכט ער? טאַדעוש טראַכט נישט. זיינע יסורים וועלן נישט פאַרלוירן גיין — זיי וועלן קומען פאַר גאָט... אָבער דאָס שווייגן? אַזאַ שווייגן צעברעכט. ס'איז דאָס געשריי, וואָס ווערט דערשטיקט אויף דער נשמה.

1928

# נאָך דער אָפּעראַציע

אַז די לאָמפּן זענען שוין געווען אויסגעלאָשן און אויפן זאַל איז נאָר געפאַלן דאָס טונקעלע ליכט פון איינציקן רויטן פלעמל, וואָס האָט געברענט אַלס נר-תמיד צעפיסנס דעם קריסטוס-בילד, האָט זיך אויף די שפּיץ-פינגער, אָנגעקליידט אין שוואַרצן, אַריינגעשלייכט די באַרמהאַרציקע שוועסטער און אין דער פינצטער יעדער בעטל באַשפּריצט מיטן „געהייליקטן וואַסער".

— אין נאָמען פון פאָטער, זון און הייליקן גייסט — אָמען!

די שוועסטער האָט זיך איבערגעצלמט און דערנאָך פּאַ-וואָליע צוגעגאַנגען צו אַ בעטל, פון וואַנען ס'האָט זיך געהערט אַ שטילער קרעכץ.

— וואָס איז אייך? איר ווילט אפשר טיי?

— ניין, איך דאַנק! — האָט דער קראַנקער אַרויסגע-פּליסטערט — איך בעט דער שוועסטער מיר צו פאַריכטן דאָס קישן.

די באַרמהאַרציקע שוועסטער בייגט זיך צו, פאָרעט זיך לייכט מיט די הענט אַרום דעם קראַנקנס קאָפּ און פון איר לייב טראָגט זיך אַרויס אַן אָנגענעמע, זאַנפטע וואַרעמקייט.

אויפן זאַל איז שוין אינגאַנצן רויק. אפילו וולאַדיסלאַוו דער נאַכט-וועכטער, איז אויך פאַרקראָכן אין אַ ווינקל אַריין, זיך צעזאַמענגעקאָרטשעט און געכאַפּט אַ דרעמל.

נאָר ירחמיאל, וועלכער געפינט זיך אויף איינעם פון די לעצטע בעטלעך, האָט נישט צוגעטון קיין אויג. פון פאַר-

באַכט אָן וואַרפט ער זיך אויפן געלעגער, גראָבט איין דאָס פּנים אין דער קאָלדרע און יעדער רגע ווערט אים ענג, אַזוי ווי ס׳וואָלט אים עמעץ געוואָרגן ביים האַלדז.

זינט ירחמיאל איז אַראָפּ פון אָפּעראַציע־טיש און איז עטוואָס געקומען צו זיך — האָט ער כּסדר דאָס געפיל, אַזוי ווי ער וואָלט עפּעס געוואָרן אַן אַנדערער מענטש. גאַנצע טעג ליגט ער און טראַכט, מאַכט אַ חשבון־הנפש — און דאָס פאַרגאַנגענע, נעפּלהאַפטע לעבן, קומט ביי אים איצטער אויס אַזוי דורכזיכטיק־קלאָר, אַזוי לויטער...

---

אין דרויסן איז אַראָפּגעפאַלן אַ געדיכטער שניי און אויפן זאַל איז נודנע הייס. פון דער יום־טובדיק, רויט־געדעקטער אַמבאָנע, ביי וועלכער ס׳זאָגן אַלע אינדערפרי, פאַרן גיין צו דער אָפּעראַציע, אַנדערע ודוי — טראָגט זיך אַ געדעמפטער ריח פון ווייערך און בשמים. ערשט האָבן צוויי חולאים געגוססעט. די קראַנקע האָבן אויפגעשוידערט און טייל האָבן זיך אויפגעזעצט, בלאַס און צעשראָקן געקוקט אין דער וועלט אַריין, ווי אויף אַ נישטפאַרשטענדלעך רעטעניש.

ס׳איז נאָך די אָפּאַטרונקעס און נאָך דער זעונג. אין צימער איז ווידער שטיל. אַ געלע פאַרחלושטקייט רוט אויף די ווענט און אויף די פּנימער. ווען־נישט־ווען טראָגט זיך נאָר אַדורך אַ שאָרך, ווי דער פלאַטער פון אַ גרויס, קראַנק האַרץ...

ירחמיאל האָט זיך צעוויינט. ער האָט געוויינט נשמהדיק, אין זיך אַריין און געציטערט מיטן גאַנצן קערפּער, אָט אַזוי ווי ס׳קאָנען נאָר ווייגען מענטשן אויפן קראַנקן־בעט, געפּייניקט פון בענקשאַפט און יסורים.

פאַר אים האָט פּלוצים אויפגעטויכט, ווי פון אַ סודותדיקן אָפּגרונט אַרויס, שׂרה׳לע; אָט אַזוי ווי זי וואָלט פאַר אים געשטאַנען לעבעדיק, טריי און האַרציק אים געצערטלט.

— וואָס האָט ער זיך גראָד איצטער דערמאָנט?..

שרהלען האָט ירחמיאל שוין נישט געזען עטלעכע חדשים, זינט ער איז אַוועק פון שטעטל קיין וואַרשע. ער האָט גע־ ווּוסט אַז זי וואַרט מיט אומגעדולד אויף זיינס אַ בריוול און ווי צו להכעיס האָט ער נישט געשריבן, הנאה געהאַט דערפון וואָס זי ליידט. ירחמיאל האָט אין דער גרויסער שטאָט אַרומ־ געלעבט מיט אַנדערע און אַז ער פלעגט אַהיימקומען אויף אַ פּאָר טעג, איז שרהלע מיט אַן איבערפולטער פרייד, די ערשטע אַרויס אים באַגעגענען און אַ טיף־געריירטע שפּעטער אים באַ־ גלייט צו דער באַן.

אין וואַרשע פלעגט ירחמיאל ווידער פאַרגעסן אָן שרהלען און אין עטלעכע חדשים אַרום אויפסניי זיך באַווייזן אין שטעטל...

איצטער האָט ירחמיאל אויף דעם חרטה געקריגן און איינ־ געזען וואָס פאַר אַן עוולה ער איז באַגאַנגען קעגן שרהלען. און וואָס מער ער האָט חרטה געהאַט, אַלץ שטאַרקער האָט ער זי ליב באַקומען; קיינמאָל האָט ער זי אַזוי ערלעך נישט גע־ ליבט ווי הייגט.

— פאַרוואָס האָב איך איר אָפּט אָנגעטון אַזאַ צער? — האָט ירחמיאל זיך אַליין געמוסרט — פאַרוואָס?..

און שרהלע איז ווידער, ווי אַ מילדע טויב, לעבעדיק אויסגע־ וואַקסן פאַר ירחמיאלס אויגן. איר צאַרט, כמעט קינדעריש גופל האָט זיך צוגעבויגן צו אים, געטרייסט און ער האָט געפילט ווי אירע לייכטע הענטלעך נעמען אים אַרום, דעקן אים איין, אָט אַזוי ווי ס׳דעקט אים איין די באַרמהאַרציקע שוועסטער...

ירחמיאל האָט זיך אַ נערוועזן וואָרף געטון, אויסגעשטרעקט די בלייכע הענט און געוואָלט איר כאַפּן.

— אייך איז שלעכט? — האָט די באַרמהאַרציקע שוועס־ טער געפרעגט ירחמיאלן, ווען זי האָט געזען אַז ער ליגט אָן באַוועגונג.

ירחמיאל האָט פאַרחדושט אויף איר געקוקט און אַ צייט־ לאַנג נישט געקאָנט משיג־זיין וואָס דאָ קומט פאָר.

---

אַז ירחמיאלן האָט זיך די ווונד פאַרהיילט און ער האָט שוין געקאָנט אַראָפּגיין פון בעט, פּאַוואָלינקע שפּאַצירן אויף דער פּאָדלאָגע, האָט ער כּסדר געטראַכט וועגן שרהלען. זינט דער לעצטער איבערלעבונג, טרעט איר געשטאַלט נישט אָפּ פון אים אויף אַ רגע און ער שטעלט זיך פאָר, ווי אַזוי זי וועט זיך דאָס דערפרייען אַז זי וועט, נאָך אַזויפיל ליידן, ווידער אים זען אין שטעטל. איצטער — באַשליסט ירחמיאל — וועט ער שוין וויסן ווי אַזוי ער האָט איר צו שעצן... זי וועט זיין ביי אים דאָס היילקסטע, דאָס טייערסטע... ה׳ גוט איז צו האָבן אַ נאָענטן פריינט, אַט אַזעלכן — מיט וועמען מ׳שיידט זיך נישט אין די שווערסטע מינוטן.

— — ...אים מאָלט זיך אויס אַ ראָז צימערל, מיט שניי־וויסינקע פאָרהאַנגלעך... ס׳איז אָוונט... אין דרויסן ווילדעוועט אַ זאַווייערוכע און אין שטוב איז וואַרעם... ער זיצט ביי אַ היימ־לעך־צעפלאַקערט אייוועלע, די פייערלעך זשושען פריילעך, אינ־טים... ביים טיש, נעבן דער טונקעלער אַבאַזשור־לאָמפּ, געפונט זיך — זי, שרהלע, אַזאַ גראַציעזע, איבער אַ צעעפנטן בוך און אויפן ברעג פון די בלעטלעך וואַלגערט זיך איר זיידן־פאַרפומירט טיכעלע... ירחמיאל פאַרגנבעט זיך צו איר הינטערווייַלעכס, שטיל־שטיל, אויף די שפּיץ־פינגער און דערלאַנגט איר אַ קוש... שרהלע שפּרינגט אויף צעשראָקן און ער צעלאַכט זיך... — — —

דאָס קראַנקן־בעט האָט פאַר ירחמיאלן אַנטפּלעקט און אויפ־געוויקלט אַ שווערן סוד, דעם סוד וואָס רופט זיך — לעבן! און ער וווּנדערט זיך, ווי אַזוי האָט ער, בעת ער איז געזונט געווען, אפילו איינמאָל דערוועגן נישט נאָכגעקלערט? — —

---

שוין עטלעכע טעג ווי ירחמיאל איז אויסגעשריבן און געפונט זיך אין שטאָט. דאָס שפּיטאָל האָט ער פאַרלאָזן שוואַך און אָפּגעצערט. ער האָט צענויפגענומען די פּאָר זאַכן וואָס ער האָט פאַרמאָגט און מיטן פּעקעלע אונטערן אָרעם, זיך געלאָזן

איבער די בין־השמשותדיקע, רעגנדיקע גאַסן. אין דרויסן האָט דער ווינט זיך צעהיילט און אומבּרחמנותדיק געריסן טיר און טויער. ירחמיאל, וועלכער האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס, איז כּסדר געשליידערט געוואָרן ווי אַ שפּענדל.

— וואָס גיכער אַהיימפאָרן, — האָט ער געמורמלט — וואָס גיכער...

איז ירחמיאל אַזוי געגאַנגען אויפן טראָטואַר נעבן מאַט־געצונדענע לאַמטערן און געזען שרהלען, ווי אומגעדולדיק זי וואַרט אויפן שאָסיי. אָט איז נאָך ליכטיק — און זי וואַרט... ס'ווערט פינצטער — און זי וואַרט... אויפן שוואַרצן געוואַנד זילבּערן זיך שטערן און ווינקן אַראָפּ צו דער ערד...

דער לאָקאָמאָטיוו זעצט אויס מיט אַ ווילדן פּייף און באַלד פאַלט אים שרהלע אויפן האַלדז, זי וויינט פאַר פרייד... — —

— ב—אַ—ב—אָ—ק !..

דאָס בייזע געשריי פון בעל־עגלה האָט מציל געווען ירחמיאלן, נישט אַרונטערצופאַלן אונטער די רעדער פון אַן איילנדיקער דראָזשקע, וואָס האָט בּליץ־שנעל זיך אַוועקגע־טראָגן אין בויך אַריין פון דער נאַכט.

*

אין שטעטל האָט קיינער ירחמיאלן נישט אָפּגעוואַרט. דער מאַרק איז געווען ליידיק. פון די אַלע באַקאַנטע וואָס האָבן זיך מיט אים באַגעגנט, איז שרהלע געווען די לעצטע. אַז ער האָט איר נאָר פון דערווייטנס באַמערקט, האָט ירחמיאלן אַדורכגעשניטן אַ קעלט. אים האָט זיך געדאַכט, אַז עמעץ דערלאַנגט אים מיט אַ שווערער זאַך איבערן קאָפּ.

שרהלע איז נישט געווען די זעלבע. אַ גלייכגילטיקע האָט זי זיך מיט אים באַגריסט, דערלאַנגט איר הענטל און באַלד עס צוריקגעצויגן. זי האָט פויל עפּעס געפרעגט און אַזוי אים אָנגעמאָסטן מיט איריע בּליקן, ווי זי וואָלט מיט איר בּליק זיך געוואָלט טיף אין אים איינעסן און פון דאָרט,

פון יענע פינצטערע פאַרבאָרגענע ווינקעלעך אַרויסצײַען אַ גרויסשטאָטישן, שווערן סוד...

ירחמיאלן איז די באַגעגעניש געווען איבערגענוג. פאַר אים איז פּלוצים אויפגעשטיגן דאָס אָפּעראַציע-טיש, ווייסע שירצן, הייליקע שוועסטער און ס׳געוויין פון די קראַנקע... אַלץ האָט זיך אים אָנגעהויבן פּלאָנטערן אין מוח און שרייען:

— זי איז נישט די זעלבע שרהלע, ווייל דו ביזט נישט דער זעלבער ירחמיאל! דו ביזט אַ קאַליקע, אַ בעל-מום!..

און זיין ליכטיקער חלום? — אַ זייפן-בלאָז!

ער האָט געפילט ווי אַלע געדערים ברעכן זיך אינעווייניק אין אים צעזנויף, ס׳ווערט אַ חורבה און די צעבראָכענע געדערים שפּאַרן זיך מיט אימפּעט און זעצן זיך אים אַראָפּ אין די קניען...

— איצטער בין איך שוין פאַר איר גאָרנישט ווערט, איך בין דאָך אַ קאַליקע!..

— — — — — — — — — — — — — — — — —

נאָך אין דעם זעלבן אָוונט איז ירחמיאל צוריקגעפאָרן קיין וואַרשע.

1925

# „מיידלעך"

אַ גאַנצן טאָג זענען די „מיידלעך" צעזייעט איבערן הויף. מ׳שפּילט זיך קינדעריש און מ׳שטיפט. ס׳איז רויק און יעדע איינע לעבט אַזוי, ווי זי וואָלט אָפּגעפּאַפּט דעם אָטעם נאָך אַ שווערער, אָנגעשטרענגטער אַרבעט. אין שטאָט איז מען נישט אַזוי אָפן און אינטים מיט זיך ווי דאָ — ווייל דאָרט זענען די „מיידלעך" ווי אַקטיאָרן אויף דער בינע, אייביק איינגעשפּאַנט אין זייער ראָל.

קומט אָבער אונטער דער „גרובאַסעק", ווי די מיידלעך רופן דעם ווירט מיטן בלינדן, איבערגעלאָפּענעם אייגל, ווערן זיי ווידער ווי נידערגעשלאָגענע און באַליידיקטע הינט.

— אין זאַל אַריין, גיכער!

איז מען אויפן זאַל און מען שרייבט „גריפסעלעך" צו די וועגעריקן און בריוועלעך אין גאַס אַריין צו די „חתנים", אַז מ׳זאָל נישט פאַרגעסן אויף זונטיק אַריינבאַזאָרגן אַ פרישע „וואַלוווקע".

זיצט מען אַזוי קופּקעלעכווייז צענויפגעטוליעט, מיט אַ סוד אויף די ליפּן און מ׳דרייט מיט די טעמפּע שטיקלעך בליישטיפט אָדער צעבראָכענע פּענעס, איבער די ליידיקע און ראָזע בייגעלעך פּאַפּיר — און אַלעמאָל גיט מען עס אַ פירצו פאַר די אויגן און מ׳קוועלט אָן — ס׳וועט אים אַ נעמטון ביי די לונג-און-לעבער:

— וועט זיין אַ וואַלוווקע, האַ-האַ!..

ווער ווייס ווי לאַנג מ'וואָלט אַזוי דיקטירט, געשריבן און געמעקט, צעריסן און אויפסניי דיקטירט, ס'זאָל אַרויסקומען בעסער, שענער, צאַצקעדיקער — ווען ס'זאָל נישט מיטאַמאָל אַריינפליען די קליינע יאַדזשע, יענע מיט די צוויי אָנגעבלאָזענע, פאַרויטלטע בעקלעך, אַזוי ווי אויסגעשמיסן פון ווינט און געשווינד איינרוימען עפּעס מאַרילען אויפן אויער און גלייך אַנטרונען אין איר ווינקל אַריין — אויפן בעטל, און מאַכן זיך געפּגרט.

מאַרילע ווערט פּלוצים אויפגעציטערט, ווי מ'וואָלט איר הינטערוויילעכס אָנגעליעבערט מיט אַ טאָפּ קאָכעדיק וואַסער; זי דערלאַנגט אַ שמיץ אַוועק דעם קאָמפּרעס, וועלכן זי האָט ערשט באַדאָרפן צולייגן צו די אינגעווייד, ביי דער סאַמער עפּעגונג — און אַ צעסאָוועטע שפּרינגט זי אַראָפּ פון געלעגער, ווילד און פאַרביסן, מיט אויסגעשטרעקטע נעגל ווי אַ טיגער, לאָזט זי זיך צו דער געלער, אָנגעשוואָלענער זאָשען, וואָס זיצט האַלב-נאַקעט מיט בלייכע, אַרויסגעהאָנגענע ציצן ווי די איינגעפאַלענע פּלאַכטעס און קראַצט זיך אונטער די אָרעמעס —

— דו געלע שטשערווע, מיר וועסטו צונעמען מיין „חתן"? איך וועל דיר ווייזן!

און די געלע זאָשע שווייגט אויך נישט. ביי ביידען האָט זיך די אייפערזוכט צעפלאַקערט ווי אַ פייער און אויפן זאַל ווערט אַ געקוויטשעריי, וואָס טראָגט זיך באַלד אַריבער אין די קאָרידאָרן.

די „מיידלעך" אין קורצע, רויטע קליידלעך ווי די גימנאַזיסטקעלעך, און אין העלע מאַנטלען, מיט אַרומגעבונדענע קעפּ אין טיכלעך, ווייסע טיכלעך — פאַרלאָזן זייערע בעטן, און די וואָס קאָנען פון די געלעגערס נישט אַרונטער, זעצן

זיך אויף צעשויבערטע און שעלטן מיט הייזעריקע קולות אין רעדל אַריין.

און אָט ליגן זאָשע און מאַרילע מיט די פּנימער צו דער ערד, טאָרגן זיך ביי די קעפּ, איינגעגראָבן עקשנותדיק די הענט איינע אין דער צווייטערס צעקודלטע האָר; וואַל־גערט מען זיך אַזוי אין שטויב, ביז ס׳וואַקסט אויס אַבייזער, שכּורער גוי, מיט שווערע ליימיקע שטיוול, ער דערלאַנגט אַ פּאָך מיטן געפלאָכטענעם באַטיק איבער זייערע פּלייצעס און ס׳דערהערט זיך אַ ווינטיקער סווישטש.

— אָלאַ באָגאַ!..

דעריאַכמעטע מיט אַראָפּגעשיילטע בלוזקעס און צעדראַ־פּעטע לייבער, שפּרינגט מען אויף און מען צעפּליט זיך ווי די מייז אין די ווינקלען אַריין.

---

פאַרנאַכט נאָכן לעצטן מאַלצייט איז אויפן זאַל געמיט־לעכער. טייל האָבן זיך אויסגעצויגן, פאַרוואָרפן די אַנטבלויז־טע פיס ווי די קעלבער און דרימלען, אַנדערע ברומען שפּי־טאָל־לידער: — —

Chciała sobie los poprawić,
Wyszła za mularza;
Mularz poszedł do więzienia
Ona — do Łazarza.

איינע, וואָס איז אַמאָל, נאָך קינדוויי, געגאַנגען אין אַ שול און קאָן לייגען, נעמט אַרויס פון אונטערן קישן אַ ביכל מיט אָפּגעריסענע טעוועלעך און הייבט אָן אַרויסדערציילן אַ מעשה. די „מיידלעך" זעצן זיך אַרום איר ווי שטילע שאָף און הערן אויפמערקזאַם. און די מעשה איז וועגן אַן אכזריות־דיקן פּולקאָווניק, וואָס נאַרט אַריין צו זיך אין זיבעטן צימער

אַן אומשולדיק מיידל, מיט „בלאָע אויגן" און „גאָלד-בלאָנדע" צעפּלעך; און דער פּולקאָווניק איז „גרויזאַם", ער ראַנגלט זיך מיט איר און אָט-אָט וואַרפט ער איר אום אויף דער סאָפּקע, וואָס שטייט גראָד דערנעבן... — — און די „מיידלעך" הערן אָנגעשטרענגט, מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם און דאָס האַרץ קלאַפּט נערוועז און נייגיריק:

— וואָס וועט זיין?..

— זאָל זי זיך נישט לאָזן, זאָל זי זיך נישט לאָזן!..

און איינע ביילט די פויסטן:

— אויף מיר, מאַרילע, וואָלט ער באַדאָרפן טרעפן, זאָל מיר מיין מאַמע אַזוי געזונט זיין, ווי כ'וואָלט אים אַלע ציין אין האַלדז אַריין געזעצט!

— אויף מיר וואָלט ער באַדאָרפן טרעפן!

— אויף מיר!

און די „מיידלעך" הערן מיט שפּאַנונג. שוין וואַרפט זיך אויף איר דער פּולקאָווניק, זיינע אויגן שפּריצן מיט בלוט, נאָך אַ מינוט און זי וועט מער נישט קאָנען שרייען — — די ווענט זענען אַזוי דיק און קיינער הערט נישט — — —

— אָ, ראַנגני!..

די „מיידלעך" קאָרטשן זיך צענויף ווי ס'וואָלט זיך אויף זיי אָנגערוקט אַ ביטער אומגליק — אָבער מיטאַמאָל אָטעמען זיי אָפּ פרייער, ווי אַ פּוד מיט שטיינער וואָלט אַראָפּ פון יעדערס געמיט:

— באָגו דזשענקי!.

ס'איז געשען אַ נס, דאָס מיידל איז ניצול געוואָרן פון פּולקאָווניקס „מערדערישע" הענט — — —

— זייער גוט!.. אַ קרענק אים אין די געדערים אַריין דעם אַלטן „לאַבאַיאַזש"!..

און די „מיידלעך" זענען שטאַרק מקנא יענער אומבאַ-

קאַנטער, מיט די „בלאָע אויגן און גאָלד־בלאָנדע צעפּלעך", וואָס איז אַרויס אַזאַ זיגערן און געראַטעוועט איר אומשולד...

בלויז דידאָזיקע קראַנקע, וועלכע זענען קיינמאָל קיין פּראָסטיטוטקעס נישט געווען, נאָר היימישע „אַריינגעפאַלענע" קינדער און זענען פאַרגוואַלדיקט געוואָרן אויף בוידימער, אָדער פאַרשלעפּט אין די שטאַלן, זענען די גאַנצע צייט געזעסן ווי פּאַראַליזירטע און צום סוף נאָר אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ היס־טעריש שליוכצן, באַהאַלטנדיק דאָס פּנים אין די הויפּנס:

— ווי איז אונדז, ווי איז אונדז!.. — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — —

די לאָמפּן זענען געצונדן. פרישע פון לעצטן שפּאַציר האָבן זיך די „מיידלעך" פאַרזאַמלט נעבן צלם, וואָס הענגט אַ פאַרשטויבטער אויבנאָן אויף דער וואַנט. זיך אַוועקגעזעצט אויף די קני און פאַרגאַנגען אין אַ האַרציק געבעט:

— אָ, יעזו...

ווי הייליקע קלויסטער־נאָנעס האָבן זיי אויסגעזען פאַרן קריסטוס־בילד און די תפילה זייערע האָט זיך אַדורכגעריסן דורך די שטיינערנע מויערן פון דער געביידע, זיך אַרויסגע־טראָגן אין דרויסן און אויף די שוואַרצע, פינצטערע פעלדער, האָט דאָס געזאַנג מאָנאָטאָן זיך צעפּאַליעט, ווי דאָס דערשטיק־טע געוויין פון קראַנקע שוועסטערן און דערציילט פון אַ ווי, וואָס ליגט טיף איינגעגראָבן אויפן גרונט פון דער מענטשלעך־צעבראָכענער נשמה.

1925

# גריפסן

— דער גרובאַסעק, דער גרובאַסעק!

אויפן הויף, צווישן די „מיידלעך״ וואָס האָבן זיך דאָ פאַרזאַמלט מיט פרישע צווייגן און בלומען אין די הענט, איז פלוצים געוואָרן אַ מהומה. זיי זענען זיך צעלאָפן אין פאַר־שידענע ווינקלען.

פון ווייטן איז אָנגעקומען דער גראָבער ווירט מיטן אויפגעשוואָלענעם אייגל.

אַז דער „גרובאַסעק״, ווי די „מיידלעך״ האָבן דעם אויפ־זעער גערופן, איז פאַרשוווּנדן, האָבן זיי זיך צוריקפאַרזאַמלט אונטער די פענצטער פון דער מענער־אָפּטיילונג און געפירט אַ פלירט מיט די קראַנקע.

אויף די גלעזערנע קאָרידאָרן איז מיטאַמאָל געוואָרן אַ געקלאַפּ אין די שייבן, קעפּ האָבן זיך באַוויזן אין דרויסן אַרויס און דאָס קליינוואַרג, וואָס האָט זיך אַרומגעבלאָנקעט באַרוועסע און האַלב־נאַקעטע, האָבן גענומען שפּילן אַ ראָל פון שלוחים.

די „מיידלעך״ זענען געקומען מיט פּאַרטיקע „גריפסן״ און באַזאָרגט צו זייערע „מענער״. (יעדער „מיידל״ פון דער פרויען־געביידע האָט דאָ איר „מאַן״) די „מענער״ ווידער האָבן אַרויסגעשיקט בריוועלעך, פּאַפּיראָסן און געלט.

— מאַרילע, אָט דער „מאָנזש" געפעלט מיר! — האָט געזאָגט איינע, אַן אַנטוויקלטע קורץ־געשוירענע בלאָנדינקע און אָנגעוויזן אויף ברילן, וועלכער האָט גראָד אַראָפּשפּאַצירט פון באַרג, דעם ליסצעפּעט פאַרוקט אָן אַ זייט, מיט אַ גריי־נעם, סווישטשעדיקן רוט אין דער האַנט, ווי אַ ווילער ייִנג.

די „מיידלעך" האָבן קאָקעטיש פאַרבייגעשלייכט, ממזריש אונטערגעוווּנקען און זיך צעלאַכט.

בריל האָט זיך פאַרוויטלט, אויסגעמיטן זייערע בליקן און אַריין אויפן זאַל.

שוין אַסך מאָל ווי בריל איז אויפן שפּאַציר פאַרטשע־פּעט געוואָרן דורך די „מיידלעך", וועלכע ווילן מיט אים מאַכן קאָנטשאַפּט, נאָר ער ענטפערט נישט. זיין אינטעליגענטע און איידעלע האַלטונג פאַראַט אים. ער איז דעריבער מקנא די ייִנגען אין כּויערשן אויסזען, מיט די פלאַקסענע קודלעס און אייזערנע מוסקולן.

בריל האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן בעט. נאָר יענע, די קורץ־געשוירענע בלאָנדינקע האָט זיך איינגעקריצט אין זיין זכּרון און נישט אָפּגעטראָטן פון די אויגן. ווי אינטערעסאַנט זי איז!

איר בליק! דער בליק אירער! אָבער ווער איז זי?..

בריל ווייס נישט איר נאָמען. איז וואָס אַז ער ווייס נישט איר נאָמען? ער פילט נאָר איינס — ער מוז זיך מיט איר באַקאָנען, ער מוז, ער מוז!

— איינע פון דרייהונדערט — האָט ער געמורמלט — דריי־הונ־דערט...

דאָס געלע, נישט אָפּראַזירטע פּנים האָט זיך ביי ברילן פאַרצויגן און געוואָרן לענגלעכער ווי געוויינלעך.

— פאַרוואָס פאַרפאָלגט זי אים אַזוי אין געדאַנק?..

דאָס ליופּוס־ייִנגל יאַנעק איז אַריינגעפלויגן אַ פאַרטשעפּע־טער, מיט אַ צעגויפגעקנייטשט פּאַפּירל אין האַנט.

— פאַניע בוכהאַלטער — האָט זיך יאַנעק אַ לאָז געטון אין דער ריכטונג צו ברילן, אַ גריפּסל פאַר אייך.

— פון וועמען?

— פון יענער מיט דער רויטער בלוּם אין לאַץ, די בלאָנדינקע. זי האָט געבעטן כ׳זאָל עס אייך אָפּגעבן.

בריל האָט גיך אַ כאַפּ געטון פון יאַנעקן דאָס גריפּסל און אויפגעשפּרונגען פון אָרט. ער איז נערוועז צו צום פענצטער, אויפגעוויקלט דאָס צעטעלע און גענומען שלינגען די ווערטער אין איין אָטעם.

— זי... ס׳איז זי... — בריל איז שטיין געבליבן איבעראַשט — זי, די בלאָנדינקע; פאַרוואָס האָט זי זיך באַהאַלטן און נישט אַנטפּלעקט איר נאָמען? פאַרוואָס האָט זי בלויז אָנגעגעבן די איניציאַלן: „אַ. אָ.״?

ברילן האָט פאַרחדושט איר האַנטשריפט און טאָן. וואָס פאַר אַ פּראַכטפולער כּתב!

— זי איז נישט „אַזעלכע״, ניין, ס׳איז אַ מיספאַרשטענדניש, זי איז נישט „אַזעלכע״.

זי שרייבט:

„אַ פרוי וואָס לעבט אין דחקות, איז געצוווּנגען זיך לאָזן אויף אַ גליטשיקן וועג״...

זי בעט אים, ער זאָל זי נישט אויסמיידן. זי וויל אָנקניפּן פריינטשאַפט. ער זאָל איר שרייבן ווער ער איז, אָנגעבן זיין נאָמען און אויף וואָס ער איז קראַנק. זי פילט אים מיט און טרייסט אים. אויב זי וועט פריער זיין פאַר אים אויף דער פריי — פאַרזיכערט זי — וועט זי אים העלפן ווי אַן אייגענע שוועסטער.

די דראָבנינקע אותיותלעך זענען אַראָפּגעשפּרונגען פון פּאַפּיר און זיך פאַרגנבעט צו אים אין האַרץ אַריין. ווי אַלץ איז אַזוי פּשוט און ערלעך געזאָגט געוואָרן. ווי אויפריכטיק אַזאַ אייגענע ליבע.

און ברילן האָבן זיך מיטאַמאָל פאָרגעשטעלט די בעלי־בתּישע און בירגערלעכע טעכטער פון דער שטאָט, ווי שטייף זיי זענען און געקינסטלט אין זייער האַלטונג. נישטאָ די אינטימע בויגזאַמקייט, וועלכע זאָל דיך איבערציַיגן אַז דו רעדסט ווי מיט זיך אַליין.

און דידאָזיקע וואָס האָט זיך פאַר אים אַרויסגעדריקט אונטער די איניציאַלן „אַ. אָ״, ווי אונטער אַ פאָרהאַנג, באַדייט פאַר אים נישט איינע נאָר טויזנטער, וועלכע געפינען זיך אין אומצייליקע אַזעלכע „לאַזאַרס״ פון פאַרשידענע לענדער.

ווי אַ בייזער וואָרעם האָט ברילן געפרעסן די שורה:

— „אַ פרוי וואָס לעבט אין דחקות, איז געצוואונגען זיך לאָזן אויף אַ גליטשיקן וועג״...

וויפל מאַרטירער־אמת איז אין דעם פאַראַן!

בריל האָט זיך אַריסגעטון פון אָרט און אָנגעשטרענגט געטומען שפּרייזן איבערן צימער.

---

דעמדאָזיקן טאָג האָט בריל פאַרבראַכט אומרויק. וואָס קאָן ער איר ענטפערן? ער איז דאָך אָרעם און הילפלאָז ווי זי — אפשר אומגליקלעכער פאַר איר. ער וואָלט איר געוואָלט העלפן — נאָר מיט וואָס? מיט וואָס?

פלוצים פאַלט אים איין אַ משונהדיקער געדאַנק:

אָט וועט ער איר שרייבן אַז ער איז רייך, ער איז אַ זון פון רייכע עלטערן, דאָ געפינט ער זיך נאָר על־פּי־צופאַל; ער דאַנקט פאַר איר אויפריכטיקער באַציונג און זאָגט איר צו צו שטיצן מיט געלט וויפל זי וועט נאָר דאַרפן, אָבער פריער פאַר אַלעם — זאָל זי אויסזאָגן איר נאָמען, איר פאַרגאַנגענהייט. געזעגנט זיך און אונטערגעצייכנט „באָלעק״, האָט ער דאָס צעטעלע, ווי אַ געחעגלעכן „גריפס״ איבערגעליווערט דורך איינעם פון די ליופּוסן.

בריל איז דערנאָך אַראָפּ אויפן הויף. אַוועק אויפן באַרג — עפּעס פּלאָגט אים. ווען ער האָט אַ פּריינט נעבן זיך, ער וואָלט יענעם אַרויפגעלייגט די האַנט אויף דער פּלייצע, ער וואָלט זיך מתוודה געווען. און דאָ איז אַ לעבע־דיקער בית־עלמין, ווו אַלץ איז טויט. פאַראַן צייטן ווען ס׳איז שווער צו זיין מיט זיך אַליין, מ׳וויל אַנטלויפן פון דער אייגענער הויט אַרויס.

— כ׳בין אַן אומדאַנקבאַרער! — האָט זיך בריל אַליין געמסורט — מיט וואָס׳ר רעכט האָב איך איר גענאַרט? איך בין דאָך אַזוי אָרעם ווי זי, כ׳בין פאַרצווייפלט. פאַרוואָס האָב איך איר נישט אויסדערציילט דעם אמת?.. אומדאַנקבאַרער!

האַרט נעבן דער טונקעלער מויער געפינט זיך אַ באַנק, זי וואַרט אַז עמעצער זאָל זיך צוזעצן, אָפּרוען די זינדיקע נשמה צווישןביימער — נאָר, ער קאָן נישט. און בריל קרייזלט זיך צווישן די סטעזשקעס, אַראָפּ־אַרויף, אַראָפּ־אַרויף און ער פאַרשטייט אַז דאָס לעבן איז אַזוי ווי דער באַרג, פאַראַן אַסך שפּאַלטן, עפענונגען, מאַכסט אַ פעלהאַפּטן טריט — און דו זינקסט אין אָפּגרונט. פאַלסטו נישט? — געשיט אַ נס!

פון ווייטן איז אָנגעקומען דער ברוינער הויף־הונט, גע־שנאָרכט מיט דער מאָרדע אין דער ערד, עפּעס געזוכט און געקראָכן אָן כוחות ווי אַ זקן.

בריל האָט זיך דערפרייט. אָט איז אַ לעבעדיק נפש, וועמען דו קאָנסט טוליען צו זיך, פאַר וועמען דו קאָנסט אַראָפּרעדן פון האַרץ.

— קום, באָבעק! דו ביזט דאָך אַזאַ גוטער...

און בריל האָט זיך אויסגעצויגן אויפן גראָז, געפּרעסט דעם הונט צו זיך, געטאָרעט זיך מיט אים און געפּליסטערט:

— טייערער באָבי... ביזט אַזאַ גוטינקער... אַזאַ גוטער...

און דער הונט האָט געשאָקלט מיטן קורצן, אָפּגעהאַקטן

ווײדל, אויסגעשטעלט די פּײכטע אויגן אויף ברילן ווי ער וואָלט אים אַלץ פאַרשטאַנען.

— זי וועט ענטפערן, באָבי ?.. זאָג, ביזט דאָך אַזאַ גוטינקער...

---

אין אַ שעה אַרום האָט שוין בריל געוווּסט אַז זי הײסט אַלפרעדאַ אָסטאַשעווסקאַ און וווינט אויף דער וורָאַניע נומער...

זי איז איבערגליקלעך פון דער נײַער פרײַנטשאַפט. זי שווערט פאַר אים, אַז אויף דער פרײַ וואַרפט זי איר ברוֹדי־קע פרנסה — אים אַלײן וועט זי נאָר געהערן, זי וועט אים ליב האָבן, דערווײַל אָבער... דערווײַל איז איר שלעכט. זאָל ער איר אַרײַנבאַזאָרגן אַ העלפט פון די „וואַלוּוקעס״ וואָס מען שיקט אים אַרײַן פון דער שטאָט און פון דער הײם — פון די רײַכע עלטערן. זאָל ער איר געבן עפּעס געלט און... פּאַפּיעראָסן. זי קאָן נישט אויסקומען אָן פּאַפּיעראָסן... בריל האָט פאַרשטאַנען וואָס דאָס „גריפּסל״ באַדײַט. אָבער ווי אַזוי שיקט מען איר עפּעס אַרײַן ? די נויט איז דאָ איבערנאַטיר־לעך און בריל אַלײן מאַכט אַדורך אַ פּײַנלעכן הונגער, עט־לעכע מאָל האָט ער אַפילו באַקומען הונגער־קראַמפּן. אין דער פרויען־אָפּטײלונג איז פול ערגער. איר, פרעדזשען, האָט ער דאָך געזאָגט אַז ער איז אַ רײַכער, זײַער רײַך...

בריל האָט צעגויפגעקליבן אַלץ וואָס ער האָט פאַרמאָגט בײַ זיך אויפן טישל, ביז דעם לעצטן ביסן ברויט און אײַנ־געפּאַקט פאַר פרעדזשען: זאָל זי נישט וויסן אַז ער איז אַזוי אָרעם, זאָל זי נישט וויסן...

---

די זון האָט זיך אויפגעהויבן העכער איבער זײַן קאָפּ און בריל האָט כסדר פאַרברענגט אינם שאָטן פון די טונקע־לע לעגנאַלקע-בײמער אויפן באַרג. זײַן גאַנצע נשמה האָט איצטער אַרומגעשוועבט אין דער הויכער געבײדע פון ערשטן

הויף, ווי פרעדזשע געפונט זיך. ער האָט דערפילט מיט אַלע זיינע חושים אַז זי גיט אים פרייד, אַסך פרייד... ווי ס'האַרץ קלאַפּט! יעדע נייע דערוואַרטונג איז פאַר אים אַ פרישע איבערלעבונג.

אויפן שפּאַציר האַלט זיך בריל שטאָלץ, ער גייט מיט פעסטע און קלינגעדיקע טריט; די „מיידלעך" רוקן זיך אָפּ אין אַ זייט און שושקען זיך איבער:

— פרעדזשעס מאַנזש... ער האָט אַסך געלט... אַ בוכהאַלטער...

נעכטן אָוונט האָט זיך בריל צעטאַנצט. די קראַנקע האָבן זיך געחדושט און איינער האָט אַ מרוקע געטון אין דער שטיל:

— אַז קרוליקעס האָבן זיך אים צעבאַריט אויף די געהירן!

בריל האָט אויפגעהערט צו זיין אומעטיק און פאַרגעסן אָן דער קראַנקייט. נישט טראַכטן, זאָל דער מוח זיין פריי און ליטער. מ'דאַרף אויסזינגען אַ הימן צו אַלעם וואָס לעבט און עקזיסטירט — פון זאַרגלאָזן באַשעפעניש אָן, ביז דעם צעפוילטן מצורע, וואָס ראַנגלט זיך אין גסיסה פון צעפאַלונג...

ער וועט זיך פאַרפלעכטן אין אַ „מאַזורע" — פרעדזשע איז יונג און רייצנדיק!

---

וואָס אַ טאָג איז אים פרעדזשע אַלץ מער אַריין אין בלוט. בריל האָט געאָטעמט מיט איר אָטעם און נישט פאַרשטאַנען ווי אַזוי ס'איז געשען — ער האָט נאָר געוואָלט מאַכן אַ „פּסיכאָלאָגישן עקספּערימענט", ווייל ער פאַרמאָגט דאָך ערגעץ אין דער שטאָט אַ געליבטע, וועלכע בענקט נאָך אים און ליידט דערפון, וואָס ער געפונט זיך אין שפּיטאָל. אַסך מאָל פייניקט אים דער געוויסן. יענע אין דער שטאָט ווייס נישט פון דעם. זי וואָלט געוויס געהאַט צער און געוויינט. עטלעכע מאָל ווי בריל האָט געוואָלט איבעררייסן אַלע

באַציונגען מיט די פּרויען פון „הייליקן לאַזאַר", אַפילו מיט איר — פּרעדזשען, קומט אָבער אָן אַ „גריפּסל" און — ער קאָן נישט! זי ווירקט אויף אים און נעמט אים אַזוי איין מיט אירע רייד, אַז ער בלייבט אָנמעכטיק, ער מוז אַוועקגעבן אַלץ וואָס ער באַזיצט אין זיין רשות. פּרעדזשעס שמייכל איז שטאַרקער ווי יעדער לאָגיק.

היינט פּאַרטאָג האָבן זיך די „מיידלעך" ווידער פּאַר-קליבן הינטער די פענצטער פון דער מענער-אָפּטיילונג. זיי זענען יום-טובדיק, האָבן געבערענגט אַסך בלומען און שטיפן ווי קאַפּריזנע קינדער. פּרעדזשע איז אויך דאָ. זי טראָגט אַ נייע מאַטינקע מיט ברייטע, פּאַרוואָרפענע אַרבל. בריל פּאַר-שטייט — אַלץ איז צוליב אים, פאַר זייבעטוועגן. פּרעדזשע איז די שענסטע!

בריל ווייזט זיך צווישן די שייבן:

— זיי געגרוסט!

פּרעדזשע הייבט אויף צו אים אירע אויגן און פאָכעט מיט אַ ווייס טיכעלע אין דער לופט.

ער איז צופרידן, בריל. ער זעט ווי אירע ליכטיקע האָר לאָזן זיך אַראָפּ נידעריקער, נידעריקער און איינציקוויינ-צעשיטן זיי זיך אויף איר קלאָרן לייב אַרום האַלדז, ווי אַ דורכזיכטיק בינטל גאָלד.

---

פּרעדזשע האָט אָנגעהויבן אַלץ מער צו פאָדערן און בריל האָט איר נישט געקאָנט צופרידן שטעלן. די ברי-וועלעך האָבן אָנגעוווירן דעם פריערדיקן מילדן טאָן, פון יעדער אות האָט אַרויסגעקוקט שטרענגקייט, וואָרנונג. בריל האָט געצויגן מיט די אַקסלען, נישט געגלויבט זיך אַליין: — פּרעדזשע?.. זיין פּרעדזשע?.. אַסך מאָל האָט ער זיך פאַרטראַכט, אים האָט געפּלאָגט אַ בייז פאָרגעפיל. אָבער, ניין! פּרעדזשע

איז דערמיט גאָרנישט אויסן. זי ליידט, זי מאַטערט זיך אין דחקות — דערפאַר איז אין די ווערטער פאַראַן פאַרביטערונג.

און בריל האָט באַפוילן אין שטאָט אַריין צו זיינע פריינט: זאָל מען שיקן „וואַלוווקעס“, וואָס מער שפּיז. ער איז אין אַ נויט, ס'איז אַ הונגער...

אַז די ווענדונגען האָבן נישט געגעבן קיין שום רעזול־טאַט, איז בריל ווייטער געבליבן פאַרצווייפלט. ער האָט געוואַרט אויף דער קינפּטיקער זעונג — נאָר אומזיסט. דער געהער זיי־נער איז געוואָרן מער אָנגעשטרענגט — יעדער ריר האָט אים אויפגעטרייסלט און די בליקן זענען כסדר געווען אָנגע־שטעלט צו דער טיר.

אים האָט אַ בליץ געטון אין מוח אַ געדאַנק - זאָל די וועלט וויסן וואָס דאָ טוט זיך!

תיכף האָט ער זיך צוגעזעצט איבער אַ לאַנג בייגעלע פּאַפּיר. די האַנט ציטערט, די אותיות פליען אַרויס ווי פיילן און לייגן זיך ווי אַ מחנה שוואַרצע קראָען אויף דער פלאַך פון אַ בלענדיקן שניי.

בריל האָט אָנגעשריבן אַ ווײַ־געשריי אין זיינס אַ באַקאַנ־טער ציַיטונג — דער רעדאַקטאָר קאָן אים און ער וועט עס פאַרעפנטלעכן. סוף־כל־סוף מוז זיין קול דערגיין צו דער שטאָט, זיך אַדורכשלאָגן די פאַרשאָלטענע מויערן. זאָל אים נישט פּייניקן דער געפיל אַז ער איז אַליין, פאַרשליידערט חוץ־למחנה ווי אַ הונט — הינטער אים לעבן מענטשן וואָס מוזן אים העלפן, זענען מחויב אים צו העלפן!

* * *

אין דער פרוזען־אָפּטיילונג איז היימלעך. די „מיידלעך“ לאַכן פון באָלעקן דעם „יאָלד“, וואָס איז אַריינגעפאַלן צו פרעדזשען אין די נעגל אַריין און וועט זיך שוין זען מיט דער עלטער־עלטער־באָבען.

יאַדזשע חוזקט:

— דײַן זעידעק, פּרעדזשע, ער האָט דיך געוואָלט גע-
מען „נאַ- קאַנט״ — אַ שײן פּנים האָסטו!

— אַ קלאָג צו די יאָרן — וואַרפט צו מאַרילע — אַ
שטרויענער „קאַכאַנעק״...

און פּרעדזשע שפּרייזט זעלנעריש אַרויף און אַראָפּ אויף
דער פּאָדלאָגע, רײַבט און קנעט דאָס אונטערשטע דיקע פלייש,
צוליב דער „נאָדל״ וואָס זי האָט געקריגן אין געזעס אַרײַן.
זי איז אויפגעלייגט, זי זינגט לאַבאַיאַרסקע לידלעך און שיט
מיט ווערטלעך אויפן חשבון פון די מענער און אויפן חשבון
פון באַלעקן, וואָס לאָזט זיך נישט „אָנציען״ ווי מ׳דאַרף...

פּרעדזשע איז נישט צעפרידן פון באַלעקס „ליבע״, זי
איז געווען זיכער אַז דער פּאַרשוין וועט איר געבן פון כל-טוב,
צום סוף נעמט עס אים נישט — ער זאָגט צו און ביים צו-
זאָגן בלײַבט ער.

אַרבעט דעריבער פּרעדזשעס מוח ווי אַזוי עפּעס צו מאַכן
אַ צווייטן „העכט״, אים אַרײַנשלעפּן אין אַ קנויל פון אינטרי-
געס, כדי איר זאָל דאָ פון גאָרנישט פעלן.

זעצן זיך די „מיידלעך״ אַוועק אַרום טיש, ווי צו אַ
באַראַטונג, פּרעדזשע פון אויבנאָן און מ׳דיקטירט בריוועלעך:
איינס צו „באַלעקן״ — אַז זי גייט אויס פאַר אים, זי בענקט...
און אַ צווייטס — צו באַלעקס אַ פרײַנט, וועלכער האָט זיך
אין די לעצטע טעג אויפגענומען אין שפּיטאָל אַרײַן און מאַכט
דעם איינדרוק פון אַן אָרנטלעך בעלי-בתיש קינד. צו דעם
זאָגט זי אַזוי:

— „נעם נישט פאַר אומגוט וואָס איך קאָרעספּאָנדיר זיך
מיט דעם יידל — דעם שוטה איך האָב אים פײַנט ווי דעם
טויט. פון אים וויל איך נאָר געלט, דו אָבער געפעלסט מיר
און דיך האָב איך ליב. נעם אויף מײַן פרײַנטשאַפט פון וואָס
איך וועל זײַן איבערגליקלעך. דײַן —
אַלפרעדאַ״.

אַז ס׳„גריפּסל" איז געווען פאַרטיק האָט זי גענומען קוקן דורכן פענצטער, ווארטן אויף אַ געלעגנהייט, מיט וועמען צו באַזאָרגן אין דער מענער-אָפּטיילונג אַריין.

דערווייל האָבן זיך די „מיידלעך" צעזייעט איבער די קאָך־רידאָרן, מאַרילע האָט זיך אַוועקגעלאָזן אין אַ טאַנץ, נאָך איר — יאַדזשע, פאַרשאַרצט די קליידלעך ביז אַרויף, האָט מען זיך געדרייט ווי אַ קאַרוסעלע.

— יאַנעק, יאַנעק!

פון ווייטן האָט פרעדזשע דערזען יאַנעקן, וועלכער איז געריטן אויף אַ הילצערנעם, צווייגאָרנדיקן פּלויט ווי אויף אַ פערד און זיך געשאַרט נענטער צום ערשטן הויף צו.

— י—אַ—נ—ע—ק!...

דאָס קול האָט זיך האַלב-הייזעריק צעטראָגן איבערן הויף און יאַנעק איז מיט איין שפּרונג שוין געווען אונטן, זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן ווי אַ האָז און זיך אַ לאָז-געטון לויפן. באַלד איז ער געשטאַנען ביי דער וואַנט פון דער פרוי-ען-געביידע, נעבן פענצטער האָט זיך געפינען פרעדזשע. זי האָט אים עפּעס געשטופּט אין האַנט אַריין אַז קיינער זאָל נישט זען, דערביי אין אים שטיל אַריינגערעדט.

יאַנעק האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף „יאָ" און באַר-וויסערהייט ווי אַ סראָקע, געמאַכט „פּיס" אויף צוריק.

---

ברילן האָט פרעדזשעס פאַראַט געטראָפן ווי אַ שווער אומגליק — ער לייקנט אָפּ זיינע אייגענע ווערטער, ער ביי-זערט זיך, ער שעלט, ווי עמעץ וואָלט אים אין דעם שולדיק געווען. אָבער וואָס ערגערט ער זיך? האָט ער דען אַנדערש געקאָנט דערוואַרטן? — אמת, ער האָט עס גענומען צו ערנסט. די „גריפּסלעך" וואָס יאַנעק האָט אים ערשט אַריינדערלאַנגט, פירט ער כּסדר צו צו די אויגן — די אותיותלעך שווינדלען ווי דראָבנינקע היראָגליפן-פייגל און צעפליען זיך אין דער

לופט. פאַרוואָס איז ער אָבער נישט פאַרזיכטיק געווען ?...
איינציקווייז איז זי אים אַריין אין האַרצן ווי אַ גנבֿ, זיך פאַר-
פעסטיקט אין אַלע ווינקעלעך און ער האָט נישט געוווסט !
פאַר אים איז עס אַן אבֿדה, פאַרלוירן די לעצטע פרייד...
יעדער זאַך מוז זיך פאַר אים שלעכט ענדיקן, יאָ, יעדער זאַך ;
פון קינדווייז אויף איז ער אומגליקלעך — אפילו ביי אַ
פשוטער גאַסן-פרוי, ווו יעדער מנובל האָט אַ צוטריט, קאָן ער
זיך אויך נישט דערשלאָגן... און ער איז אין כעס... — —
גענוג ! אויס !...

מיטאַמאָל האָט זיך אויפגעפראַלט די טיר און יאַנעק
איז אַריין אין זאַל, ער איז צוגעלאָפן צו ברילן,
וועלכער איז אומבאַוועגלעך געזעסן אויפן שעניק, דאָס פנים
בלאַס ווי קאַלך און דער קאָפּ מאַכטלאָז אַראָפּגעהאָנגען צו
דער ערד.

יאַנעק האָט ברילן אַ לייכטן ריר געטון ביים אַקסל און
אין שרעק אַרויסגעשטאַמלט :

— פּאַניע בוכהאַלטער, אַ טעות געהאַט... איין גריפּסל
איז נישט צו אייך... איין... — —

— צום טייוול ! — איז בריל ווילד אויפגעשפּרונגען פון
אָרט, געמרוטשעט ווי אַ חיה און זיך געוואָרפן אויף יאַנעקן
אים דורס צו זיין :

— גיי פון דאַנען, גיי !..

יאַנעק האָט תּמעוואַט געצויגן מיט די אַקסלען, עטלע-
כע מינוט געגאַפּט און דערנאָך גיך זיך אָפּגעטראָגן.

פּאַמעלעך האָט זיך בריל צוריק אַראָפּגעלאָזט אויפן
בעטל, צענויפגעקאָרטשעט זיך ווי אַ בייגל, געביילט די פויסטן
און אינגאַנצן געציטערט פון אויפרעגונג.

1925

# באַריקאַדן

א קלאַפּ אין טיר
— ביטע, אַריין!

אין דער קאַנצעלאַריע פון שפּיטאָל-אינטענדענט האָט זיך געמאָלדן אַ פּאָליציאַנט, אַ הויכער, שטייפער מאַנספּערשוין, מיט פּאַרדרייטע, שפּיציקע וואָנסן, ווי אויפגעהויבענע פליגל. ער האָט מיליטעריש אַ קלאַפּ געטון מיט די טילקיס פון די שטיוול, דרך-ארצדיק זיך אויסגעצויגן און אַראָפּגענומען דאָס היטל, וועלכעס איז געווען אַרויפגעזעצט אויפן קאָפּ, טיף ביז איבערן שטערן אַריבער און דאָס לעדערנע פּאַסיקל, אַזוי ווי אַן אייזערן רייפל, איז געווען אַראָפּגעלאָזט ביז אונטער דער גאָמבע.

דער פּאָליציאַנט האָט אַ וויש געטון דעם שטערן, אַרויסגענומען אַ ווייס פּאַפּיר און אַוועקגעלייגט פאַרן הער סעקרעטאַר אויפן טיש.

דער הער סעקרעטאַר, געשוירן אין אַ יעזש, מיט אַ הויכן, געפּרעסטן קאָלנער, וואָס ענדיקט זיך פּאָרנט מיט צוויי סאָלידע קלאַפּקעלעך, ווי צוויי פּאַרמאַכטע לעדנדלעך, האָט נאָך דערלאַנגט עטלעכע צי מיט דער פּען, אַ טונק איין אין טינטער, ווידער אַ צי, אַ דריידל, אַ חותמע אונטער, אַ פּרעס איבער מיטן לעשער און דערנאָך זיך אָנגערופן צום פּאָסטערונקאָווי:

— ביטע, כ'דין אייך!

— נאַטאַליאַ קוויאַטקאָווסקאַ! — האָט דער פּאָסטערונ־קאָווי שאַרף אַקצענטירט מיט דער זעלבער געשיקטקייט און שנעלקייט, ווי מען ראַפּאָרטירט פאַר אַ העכערן פּאָליצײ־באַאַמטן.

דער הער סעקרעטאַר האָט פּאַוואָליע, מיט אַ באַזונדע־רער געמיטלעכקייט צוגעפירט דאָס פּאַפּיר נענטער צו זיך, אַריינגעקוקט, אַ פינטל געטון מיט די אויגן און נאָך אַמאָל אַ פרעג געטון:

— נאַטאַליאַ קוויאַטקאָווסקאַ?

— טאַק יעסט!

האָט דער הער סעקרעטאַר ווידער אַוועקגעלייגט דאָס פּאַפּיר אָן אַ זייט, איבערגעבלעטערט אַ בוך, אַרויסגענומען פון דאָרט אַ לענגלעך ווייס פּאַפּירל — די אויסשרייב־קאַרט און דערנאָך אַ רוף געטון דעם וועכטער:

— הער פּאַוועלעק!

הער פּאַוועלעק, אַ בלאָנד נידעריק מענטשל, מיט אַ גוי־טער נשמה און געלע, ליימיקע שטיוול, האָט אויך נישט גע־לאָזט אויף זיך לאַנג וואַרטן, ער איז באַלד געשטאַנען צווישן פּאָליציאַנט און דעם הער סעקרעטאַר און געוואַרט אויף אַ באַפעל:

— נאַטאַליאַ קוויאַטקאָווסקאַ, ווייזט זי איבער דעם הער פּאָסטערונקאָווי!

פּאַוועלעק איז געלאָפן פאָרויס איבער דעם לאַנגן און האַרבסטיקן הויף, געטרעטן דעם אַספאַלט מיט זיינע שווערע שטיוול, אַלעמאָל זיך אָפּגעשטעלט, צוגעוואָרפן עטלעכע ווער־טער דעם פּאָליציאַנט, אַדורכגעשפּרייזט דורכן טויער און אַריין מיט אים אין אַנדערן הויף. דאָ זענען זיי ביידע אַוועק אי־בער דער שמאָלער און שוואַרצער סטעזשקע, תמיד אויסגעשיט

מיט דראָבנעם קוילן-זאַמד, וועלכע פירט גלייך צו דער פּרוי־
ען-געביידע.

די „מיידלעך", וועלכע זענען געווען צעזייעט איבער די
קאָרידאָרן, האָבן פונדערווייטן דערזען דעם פּאַליציאַנט אין
דער באַגלייטונג פון וועכטער פּאַוועלעק. זענען די „מיידלעך"
גיך אַריין אין איינעם פון די צימערן, צוגעלאָפן צו אַ בעטל
אויף וועלכער ס'איז געזעסן אין אַ האַלב-ליגעדיקער פּאָזע,
אַן אויסגעצערטע אָבער געגוג ענערגישע בלאָנדינקע און גע־
פירט אַ שמועס מיט די „מיידלעך" פון די אַנדערע בעטן.

— נאַטאַליאַ, פּאָליציי!

— פּאָליציי!

— פּאָליציי!

נאַטאַליע איז צעשראָקן אויפגעשפּרונגען פון איר געלע־
גער, ווילד זיך אַוואָרף געטון צום פענצטער, פאַרצווייפלט אָנ־
געכאַפּט זיך ביי די האָר: פאַרפאַלן! זי האָט זיך אַוואָרף
געטון צו דער טיר, ווי זי וואָלט געוואָלט נעלם ווערן, נאָר
פּאַוועלעק מיטן פּאָליציאַנט, וועמעס האָנסן זענען איצט גע־
ווען שטייפער און שפּיציקער, זענען געשטאַנען אויף דער
שוועל און איר פאַרשטעלט דעם וועג.

נאַטאַליע איז געווען איבעראַשט. זי איז געבליבן שטיין
אין מיטן שטוב ווי צעמישט, נישט געוווסט וואָס זי האָט צו
טון. באַלד האָט זי זיך אָפּגעריסן פון דער טיר, אַוועק אויפן
בעטל און געבליבן זיצן שטום, איינגעקשנט ווי אַ מויער.

פּאַוועלעק מיטן פּאָליציאַנט זענען אַריין אויפן זאַל.

— הער פּאָסטערונקאָווי, דאָס איז פריילן קוויאַטקאָווסקאַ!

דער פּאָליציאַנט האָט איר דערקלערט, אַז לויט אַ פאַר־
אָרדענונג פון דער מאַכט, דאַרף זי מיטגיין מיט אים.

נאָר נאַטאַליע האָט זיך אַפילו נישט אַ ריר געטון, ווי
זי וואָלט גאָרנישט געהערט וואָס מ'רעדט צו איר.

דער פּאָליציאַנט האָט נאָכאַמאָל איבערגעחזרט:

— פריילן קוויאַטקאָווסקאַ, איר זענט אַרעסטירט און איר וועט אַזוי גוט זיין מיטגיין מיט מיר.

פריילן נאַטאַליע שווייגט.

דער פּאָליציאַנט האָט איר אָנגענומען ביי דער האַנט, נאָנט נעבן מוסקול און איר געוואָלט אונטערהייבן פון געלעגער.

אין דעם מאָמענט איז געשען עפּעס אומגעריכטס, וואָס האָט דערשטוינט סיי דעם פּאָסטערונקאָווי, סיי נאַטאַליען.

אויפן זאַל איז געוואָרן אַ מהומה. די „מיידלעך" האָבן זיך צעקוויטשעט אויף פאַרשידענע קולות און דאָס געשריי האָט זיך אַריבערגעטראָגן איבער אַלע קאָרידאָרן.

נאַטאַליע האָט זיך ראַפּטעם אויפגעריסן פון איר אָרט. איר פּנים האָט זיך אויסגעקרומט, די אויגן זענען איר אי־בערגעלאָפן מיט בלוט און שכור פון שנאה האָט זי מיט אי־רע נעגל, ווי אַ ריזיקער און משוגע־געוואָרענער שפּאַרבער, זיך איינגעדרייט אין פּאָליציאַנטס קליידער.

ס'איז געווען אַ שטומער געראַנגל. נאַטאַליע האָט גע־העשעט, שווער געקרעכצט און געפּייפט מיט אירע נאָזלעכער.

דער קאַמף האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט. דער פּאָ־ליציאַנט אַ דעריאַכמעטער, איז אַרויס אויפן הויף, ער איז אַריין אין קאַנצעלאַריע, ער האָט טעלעפאָנירט.

באַלד נאָכדעם איז אָנגעקומען אַ גרופּע פּאָליציאַנטן. זיי זענען געגאַנגען דרייסט און אין דער ריכטונג, פון וואַנען ס'האָט זיך פריער אַרויסגעטראָגן דאָס געשריי.

דורך די פענצטער האָבן די „מיידלעך" דערזען פּאָלי־ציי, אָבער שוין נישט איינעם ווי פריער, נאָר מער — צוויי, דריי, פיר, פינף, זעקס... זיי קלאַפּן ענערגיש מיט די פּאָדעש־וועס אָן דער ערד, אַזוי הילכיק, אַנטשלאָסן.

— זיי גייען!

— אַ מחנה!

— נאַטאַליאַ, באַהאַלט זיך!

און די „מיידלעך", ווי איבערגעשראָקענע מייז, זענען אַראָפּ פון די גערעגערס. זיי האָבן געוואָלט עפּעס טון, באַשיצן נאַטאַליען.

— נישט לאָזן זיך! — האָט זיך געהערט אַ קאָמאַנדע פון איינע צווישן די „מיידלעך".

— נישט לאָזן!

— נישט אונטערגעבן זיך!

נאָר פּאָליציי איז שוין נאָנט פאַרן הויז, אָט-אָט און זיי וועלן זיין אויף די קאָרידאָרן.

די „מיידלעך" זענען מיטאַמאָל אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון אַ בלינדער אימה און זיי האָבן פיבערהאַפט גענומען פאַר-שפּאַרן דעם איינגאַנג אויפן זאַל. בעטלעך, שעניקעס, בענקלעך, טישלעך, קאָלדרעס — אַלץ איז אין אימפּעט און מיט גע-בראַזגעריי געשלעפּט געוואָרן צו דער טיר און אויגנבליקלעך איז פון דעם שפּיטאָל-אינווענטאַר אויסגעוואַקסן אַ הויכע און משונהדיקע פּיראַמידע, וואָס איז מיט יעדער רגע געוואָרן אַלץ העכער און העכער און נאָך העכער...

— נאָך!

— נאָך!

— גיט אַהער נאָך!

פּלוצים:

פּאָליציי פּראַלט אויף די טיר. צוליב דער אומגעריכ-טער באַגעגעניש, בלייבן זיי שטיין פאַרגאַפט. נאָר איינער פון זיי נעמט זיך אָן מוט: ער שפּרינגט צו צו דער באַרי-קאַדע און הייבט אָן פון דער הויך צעראַפּוואַרפן די בעטלעך, די שעניקעס, די בענקלעך. נאָך אים לאָזן זיך אויף די אי-בעריקע פּאָליציאַנטן.

צווישן די „מיידלעך" ווערט אַ בהלה. נאַטאַליע פאַר-ברעכט מיט די הענט.

ווידער האָט זיך אָנגעהויבן אַ פאַרביטערטער קאַמף. קיי-
שעלעך, טעפּלעך, שיסלען, גלעזער, לעפל און אַפילו מעדיצין-
פלעשלעך — אַלץ ווערט געשליידערט צו דער טיר. די זאַכן
שלאָגן זיך אָן אין דער באַריקאַדע, צעשפּרינגען אין שטיקער
און לאָזן נאָך זיך אַ טויבן אָפּהילך.

פּאָליציי טרעט נישט אָפּ. אָט ברעכט זיך איין אַ בעטל,
אָט ווערט אויפגעריסן אַ שעניק. דאָס שטרוי, צוזאַמען מיט
אַ זויערן ריח, צעטראָגט זיך אין דער לופט. אָט ווערט ליי-
דיק אַן אָרט אין דערמיט פון דער באַריקאַדע, ווי אַ גרוי-
סער לאָדן וואָלט מיטאַמאָל אויפגעפּראַלט געוואָרן.

די „מיידלעך" לאָזן זיך דאַמאָלס צו די פענצטער,
מ'ברעכט שויבן, דאָס גלאָז פאַלט אויף די שטיינער, צעקרישלט
זיך און צעזאַמען מיטן געקלונגעריי פון גלאָז, הויבט זיך
אויף אַ הייזעריק געקוויטשעריי איבער די קאָרידאָרן, איבערן
הויף.

די ווענט ווערן אויפגעציטערט. פון אַנדערע געביידעס
און פון דער מענער-אָפּטיילונג ווערט אַ געלויף. מ'ווייס נישט
ווו אַהין, נאָר מ'לויפט...

וועכטער קומען אָן. מ'פאַרשטעלט דעם וועג. ס'קומט די
שפּיטאָל-מאַכט.

— אַן אויפשטאַנד!

— אַ בונט!

— אַ רעוואָלוציע!

קראַנקע פון אַנדערע געביידעס האָבן זיך סאָלידאַרי-
זירט: מ'האָט געקלאַפּט און געבראָכן שייבן, געשריגן, גע-
זידלט זיך...

שפּעט ביינאַכט, ווען פּאָליציי האָט אַרויסגעפירט נאַטאַ-
ליען פון שפּיטאָל-הויף, איז ערשט אין די זאַלן געוואָרן
רויקער. נאַטאַליע איז געגאַנגען באַרינגלט, אין דערמיט פון
אַ גרופּע פּאָליציאַנטן. אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אויף דער ברוסט,

די אויגן איינגעגראָבן אין טיכל, האָט זי כסדר געציקט מיט די אַקסלען, אַזוי ווי ס׳וואָלט איר געווען שטאַרק קאַלט.

די „מיידלעך" האָבן זיך געוואָרפן צו די פענצטער, אַרויסגעקוקט אין דרויסן אַרויס און געזען דאָס קופּקעלע מענטשן, וואָס דערווייטערט זיך און ווערט וואָס אַמאָל אומ־קלאָרער און טונקעלער. באַלד מישט זיך דאָס קופּקעלע אויס מיט די שאָטן, מיט די ביימער און ווערט אַ שטיק פון דער נאַכט, וועלכע לאָזט זיך אַראָפּ אַלץ נידעריקער און פאַלט מיטן פּנים צו דער ערד.

— טריפּ־טראַפּ! טריפּ־טראַפּ!..

פון יענער זייט, פון אונטער דער מויער, האָבן זיך גע־הערט טריט פון שווערע, באַטשוועקעוועטע שטיוול און דער אָפּהילך האָט זיך אַריינגעשניטן אין דער אָפּגעשטאָרבענער טויבקייט פון דעם גרויסן און ליידיקן שפּיטאָל־הויף.

1928

# אין דער לעצטער נאַכט

איבערלעבונגען אין דער לעצטער נאַכט, איידער בענדעט האָט זיך אויפגעגומען אין שפּיטאָל אַריין, זענען פאַר אים געווען שווערע. בשום-אופן האָט ער נישט געקאָנט אַנט-שלאָפן ווערן און זיך געראַנגלט מיט פאַרשידענע זעונגען, וועלכע האָבן אים נישט געגעבן קיין רו. ס'האָט אים געמאַ-טערט די גראָע שפּין, אַנדערהייך צווישן דער וואַנט און פענ-צטער, וואָס האָט זיך אַלעמאָל אַראָפּגעלאָזן נידעריקער, אַ צי-טער געטון אין אויסגעפלאָכטענעם געוועב און הענגען געבליבן ווי פריער.

ביי בענדעטן אין די אויגן איז די שפּין אויסגעוואַקסן אין אַן אומנאַטירלעכער גרייס און געלויערט, ווי זי וואָלט אים אַריינגעקראָכן אין די געהירן אַריין און דאָרט געגראַבלט... איז בענדעט אַרונטער פון בעט, געבליבן זיצן אויפן ראַנד ווי פאַרשטאַרט און עטלעכע מאָל זיך אַ קראַץ געטון צווישן די שיטערע, קראַנקע האָר אויפן קאָפּ.

כמעט דאָס ערשטע מאָל האָט איצט בענדעט באַמערקט, אַז דאָס שטיבל איז שטאַרק אין אומאָרדענונג און פאַרוואָר-לאָזט. די גאַנצע צייט האָט ער אויף דעם קיין אַכט נישט געלייגט. פון די ווענט האָט געווייעט אַן איינזאַמע קעלט — ווי תכרוחים וואָלטן זיך דאָ געוויגט אויף שטריק און אָנגע-יאָגט אַ טויטן ווינט.

בענדעטן האָט אָנגעכאַפּט אַן אימה פאַר זיך אַליין. ער האָט אויף גיך אַרויפגעוואָרפן אויף זיך די בגדים, פון אויבן אַרויפגעצויגן אַ לייכט האַרבסט-רעקל און מיט אַ בלינדער איילעניש אַראָפּ פון די טרעפּ.

---

אין דרויסן האָט ערשט גענומען טאָגן. די לופט איז געווען פייכט און רעגנדיק. אַ געדיכטער נעפּל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער שטאָט און זיך געלייגט ווי אַ קאָש־מאַר אויף דער נשמה. ערגעץ אין אַ ראָג איז געשטאַנען אַן אָדורכגעווייקטע דראָזשקע, דער בעל־עגלה אויף איר, האָט פויל געפּיפּקעט אַ פּאַפּיראָס און געחלומט פון פריילעכע נאַכט-געסט, פון אַ גוט פאַרדינסטל און אַ גלעזל בראָנפן.

— עך, אַ ביטערער וועטער געווען, — האָט דער דראָ־זשקאַזש אַרויסגעוואָרטשעט — אַ מינט, אַזוי ווי צען טייוו־לאָנים וואָלטן זיך ביי די קודלאַטע צעפּ אין וואַלד אויפגע־האָנגען.

בענדעט האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן טרעפּל פון דער דראָ־זשקע און זיך דערמאָנט אָן דער שניידיקער קעלט אין דער היים.

— יאָ, פּאַניע, אַ גאַנצע נאַכט. שיעור די פּיטרינגעס אַרויסגעריסן.

— וואָס פּאַראַ פּיטרינגעס?

— מיינע, ביי מיר אין שטוב.

— דו האָסט אַ שטוב?

— וואָס דען, איך האָב נישט קיין שטוב?

דער דראָזשקאַזש האָט אָנגעקוקט בענדעטן פאַרחדושט:

— איז צו וועלכע רוחות קריכט מען דאָס איצט אַרום איבער די גאַסן?

נאָכדעם האָט ער זיך אַ קאָרטש געטון אין מאַנטל, וועל־

כער האָט אויסגעזען אויף די פּלייצעס פון דאָראָזשקאַזש ווי אַ גלאַנציקע בלעך און זיך אָנגערופן:

— ווען איך זאָל נישט דאַרפן וואַרטן אויף אַ יאַזדע, וואָלט איך, ברודערקע, ליבערשט זיך אויסגעוואַרעמט מיט מיין פּלבטל, כיע-כיע-כיע!..

דעם דאָראָזשקאַזשס געלעכטער האָט זיך הייזעריק צע-טראָגן אין הוילן אַרום.

בענדעט האָט נישט געקאָנט דערשטיין אויף אַן אָרט, ער האָט אַוועקגעשפּרייזט אין אַ שמאָל הינטערגעסל און זיך איינגעהערט אין אָפּהילך פון די אייגענע טריט.

— וואָס וויל ער אייגנטלעך אויף דידאָזיקע גאַסן?

ביי אַן איינגעבויגענעם און גרינעם פּלויט האָט זיך אַן אָפּגעריסן שטיק ברעט געשאָקלט און אַרויסגעלאָזן משונהדי-קע קולות, בענדעטן איז אַ דורך אַ ציטער איבער אַלע גלידער.

פון ערגעץ אַ ווינקל, נעבן דער טיר פון אַ פאַרהעמערט געוועלב, איז פּלוצים אויסגעוואַקסן, ווי פון אונטער דער ערד אַרויס, אַ שוואַרצער הונט, מיט אַ שיטערלעך-אויסגעקראָכענער און פון רעגן אַדורכגעפּאַטשטער פעל. דער הונט האָט גע-לאָמט אויף אַ פוס און מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם וויידל, האָט ער חינקענדיק זיך געטוליעט צו בענדעטן, אַרויפגעהויבן די פייכטע מאָרדע און וואַסערדיקע אויגן, הכנעהדיק, געקוקט אויף אים, ווי ער וואָלט געבעטן דערבאַרמונג.

בענדעט האָט פאַרשטאַנען דעם הונטס שפּראַך, פּונקט ווי זיין אייגענעם עלנט. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטיין, צוגעפּירט די מאָרדע פון הונט צו זיך, אַזוי ווי איין גרויסע ליבע וואָלט זיי ביידען פאַרייניקט.

נאָר ווער קאָן וויסן? אפשר האָבן זיי ביידע גאָר גע-טראַכט פון עפּעס אַנדערש?

דער הונט האָט זיך צעהיילט, געוויס פאַר הונגער. בענ-

דעם האָט איבערגעקערט די קעשענעס, פון דאָרטן אויסגעשיט פאַ־דאַרטע קרישעלעך עסנוואַרג און דערלאַנגט דעם הונט.

מיט איין שנאָרך האָט דער הונט אַראָפּגעשנאָרכט פון בענ-דעטס צעעפנטער האַנט די קרישעלעך און ווײַטער זיך צעהיילט.

בענדעט האָט זיך אויפגעשטעלט און אַוועק. ער איז גע־לאָפן, געלאָפן, געלאָפן... אַ מאָדנע אומרויקייט האָט אים דאָס איצט געטריבן, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט אַנטלויפן פון זיך אַליין, אייגנטלעך, איז דאָך אים אַלציינס — שפּיטאָל און ווי־דער שפּיטאָל... צו וואָס האָט ער זיך אויפגעהויבן אַזוי פרי? ער האָט דאָך געקאָנט שלאָפן, ליגן אַזוי מיטן פּנים אַראָפּ ביזן האַלבן טאָג אַריין. ס׳וואָלט דאָך געווען אַלציינס...

יעדערס מאָל, ערב דעם אויפנעמען זיך אין שפּיטאָל אַריין, זוכט ער אויס שטאַרקע, איינדרוקספולע איבערלעבונ־גען, וואָס זאָלן אים צעשטרייען, ער זאָל פאַרגעסן... מיט אַן אָוונט פריער גייט ער אַוועק אין אַ קינאָ, כאַפּט זיך אַריין. אַ הוליע טון מיט אַ נקבה, שכורט זיך אָן, רופט אַרויס געשלעגן.

— וואָס איז אים אַ נפקא־מינה? סיי־ווי גייט ער דאָך אַוועק. ער גייט אַוועק... איז עס אַן עוולה זיך אָפּצונעמען פאַר דער גאַנצער צייט איינזאַמקייט, פאַר עטלעכע חדשים הינטער אַ שלאָס?.. איז עס אַן עוולה?..

און אים, בענדעטן, ווילט זיך, אַזוי מיט די פולע לונ־גען, אַריינשרייען אין דער וועלט אַריין — ער, בענדעט, גייט היינט אַוועק!

— עך, ברודערקע, ווען נישט דער שנאַפּס, ס׳וואָלט דאָך געווען אַזוי שלעכט, ממש ביז צום פּגרן...

---

בענדעט איז אַריין אין אַ שענק. ער האָט נישט געגעסן, ער וועט שוין עסן, דאָרט — אין שפּיטאָל, אויף מאַגיסטראַטס־

קע קעסט. קיין בראָנפן וועט מען דאָך אים דאָרט נישט געבן, ס'איז פאַרוועָרט אַלקאָהאָל, וועט ער נעמען אַ גלעזעלע, נאָך אַ גלעזעלע און נאָך איינס...

— וואָס איז די נפקא־מינה? ווען ער וועט פוילן ער־געץ אין אַ הקדש, וועט אים זיין אַלצייינס...

בענדעט האָט אויסגעשפיגן, אַוועקגעלייגט אויפן בופעט עטלעכע דראָבנע מטבאות און צוריק אַרויס אין דרויסן. די ביטערקייט האָט אים געדישעט, ווי אַ מחנה שטעכעדיקע ווערמ־לעך וואָלטן אַרומגעראָיעט ביי אים אין האַלדז...

ס'איז שוין געווען גרויסער טאָג און אין שטאָט איז דער מסחר אָנגעגאַנגען מיטן גאַנצן רעש, מיט טומל, מיט געשריי...

נאָר ביי בענדעטן האָבן זיך די אויגן געקלעפּט און די ערד? נישט אַנדערש, צו אַלדע שוואַרצע יאָר, זי איז פון גומע!..

בענדעט איז אָבער נישט געגאַנגען אַהיים, ער איז אַוועק אין אַן אַנדער ריכטונג. איינס, צוויי, דריי, פיר, פינף, זעקס... דאָס זעקסטע מאָל גייט ער דאָ אַהער. באמת דאָס זעקסטע מאָל? יאָ, דער זכרון געגאַרט אים נישט. און פינף מאָל איז ער דאָך געגאַנגען אין אַן אַנדער געגנט. צוזאַמען — עלף מאָל... עלף, עלף, עלף, עלף!.. און די גאַנצע גאַס רוישט — עלף! און די הייזער שרייען — עלף! און די לאַמטערן וואַק־לען זיך — עלף! וואָס וויל מען פון אים האָבן, וואָס? וואָס פייניקט מען אים? — עלף, עלף, עלף, עלף...

און בענדעט חשבונט: — שוין? איז עס דער סוף? ניין, כל־זמן די ערד דעקט דיך נישט צו, איז נישט פאַראַן קיין סוף, וועט נאָך זיין צוועלף און דרייצן און פירצן און פיפצן און זעכצן..

צי האָט בענדעט איצט געוואָלט דאָ אַהערגיין? — ער האָט נישט געוואָלט. זיינע פיס ווייסן שוין גוט דעמדאָזיקן וועג, האָבן זיי גענומען און פון זיך אַליין געגאַנגען, און

בענדעט, ווען אים זאָל נישט שלעפערן, ווען די אויגן זאָלן זיך אים נישט צוקלעפן, וואָלט ער זיך אַקייגנגעשטעלט, ער וואָלט זיך איינגעעקשנט, געמאַכט אַ סקאַנדאַל...

מיטאַמאָל האָט זיך בענדעט פאַרהאַלטן.

— אַהאַ, די געביידע. ער קאָן זי. הלוואי וואָלט ער דידאָזיקע געביידע ליבערשט נישט דערקאָנט...

נאָר וואָס וועט ער שטיין? מ׳דאַרף געבן אַ קוק אַריין און זען וואָס די חולאים מאַכן. אוודאי נייע פּאַזשאַנדקעס, פרישע, נאָר פון דער באָדל אָפּער... די באַאַמטע, אין זייער מאַמען אַריין, זיי האָבן דען עפּעס מער וואָס צו טון? זיי נעמען דאָך געלט דערפאַר, ניין? זיי נעמען דאָך געלט!..

וואַקלדיק האָט זיך בענדעט אויפגעהויבן אויף די ברייטע, שטיינערנע טרעפּ, צוריק זיך אויסגעדרייט, מיט די אויגן געבלאָנדזשעט אין דער ווייטקייט, ווי ער וואָלט דאָרט עמעצן געזוכט. דער ווינט האָט זיך שנעל אונטערגעגנבעט צו בענדעטן, אויפגעהויבן די פּאָלעס פון זיין רעקל, צעפירט זיי אויף צפון און דרום און בענדעט האָט אין זיין הולך אויסגעזען ווי אַ גרויסע, פאַרפּייניקטע פלעדערמויז.

1925

# פאַרוואָס?

אַ בינטל זון־שטראַלן האָבן זיך אַדורכגעריסן דורכן האַלב־צעעפנטן פענצטער, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין אַ ווינקל פון הויף אַרויס און געפאַלן ווי אַ דינער, ליכטיקער פאַס אויף די טישן, אָנגעוואָרפענע מיט פאַרשידענע שרייב־מכשירים און צייטונגען.

די ביוראָ-אָנגעשטעלטע זענען נאָר וואָס געקומען צו דער אַרבעט, אויסגעטון די פאַלטאָס און זיך אַוועקגעזעצט אויף זייערע ערטער. דער לייטער פון ביוראָ, מרדכי פייגין, אַ מיטל־וווּקסיקער, שטאַרק מוסקולירטער און ברייט־פלייציקער, ברונעטער מאַנספּערשוין, איז היינט געווען גוט אויפגעלייגט און אַז דער לייטער איז אין אַ גוטער שטימונג, דערשנאַפּן דאָס באַלד די אָנגעשטעלטע, מ׳קאַרגט נישט קיין ווערטלעך, מ׳דערציילט אגב-אורחה עפּעס אַ מעשה און מ׳פוילט זיך צו דער אַרבעט.

האָט דאָס מרדכי פייגין באַמערקט, ער האָט זיך געפילט ווי באַליידיקט און גוטמוטיק, מיט זיין שטילער און פעסטער שטים אַ זאָג געטון:

— קינדער, גענוג!

איז אין ביוראָ שטיל געוואָרן. עמעץ האָט נאָך אין דער זייט צוגעשמייכלט. נאָר איבער דער שטוב האָט זיך שוין גע־הערט דאָס סקריפּן פון פּענעס, געשאָרך פון איבערמישן בלע־

טער אין די ביכער און דאָס נערוועזע אויסקלאַפּן די ציפערן אויפן חשבון־ברעטל.

די טיר האָט זיך געעפנט און זישע, אַ בלאַסער, אַן אויסגעמאָגערטער, מיט אַן אַרומבאַנדאַזשירטן קאָפּ האָט זיך נישט דרייסט אַריינגעשאַרט.

זישע האָט אַמאָל דאָ געאַרבעט, נאָר זינט ער איז צוריקגעקומען פון שפּיטאָל איז ער פּאָסטנלאָז און ער הונגערט. האָט דערפאַר מרדכי מיט אים מיטלייד און אויב ס׳איז נאָר פאַראַן — גיט ער זישען אַ טאָג־צוויי אין דער וואָך צו טון. קומט זישע דאָ אַהער אַלע טאָג, ער זיצט פון אינדערפרי ביז ביינאַכט און באַטראַכט די ביוראָ פאַר זיין היים. מאַכט זיך מרדכי נישט וויסן. וואָס וועט ער אים שטערן? זאָל ער דאָ זיין! מרדכי ווייס אַז זישע איז אַ פרעמדער און האָט קיין היים נישט.

אין זישע דערפאַר תמיד דערשלאָגן און ער גיט קיין שמייכל נישט. געדענקען אָבער אַלע, אַז ווען זישע האָט געאַרבעט און געגעסן צו זעט — איז ער געווען דער פריילעכסטער, דער לעבעדיקסטער, דער וויצלינג. נאָך דער אָפּעראַציע איז זישע געוואָרן זייער עמפּינדלעך און ער ציקט כסדר מיט די אַקסלען. ביי דעם מינדעסטן באַריר ווערט ער אויפגעציטערט, טרויעריק אָדער אָנגעצונדן.

נאָר וואָס קאָן מען וויסן, אַז ער שווייגט?

אויך איצט האָט זיך זישע אַוועקגעזעצט ביים ליידיקן טישל אין ווינקל, דאָרט, וווּ ס׳גייט קיינמאָל נישט צו קיין זון און זיך פאַרקוקט אין דער צייטונג. אמת, אַז אים איז שלעכט, אָבער די וועלט איז גרויס און ברייט און זישע לעבט מיט אַסך האָפענונגען — ער וועט ליידנדיק אַדורכגיין דעמדאָזיקן וועג פון פּיין און סוף־כל־סוף זיך אויפהויבן צו יענער הויכקייט, פון וואַנען עס פאַלט דאָס ליכט איבער די קעפּ פון המון.

נאָר פּלוצים האָט זיך זישע אויפגעריסן פון אָרט, ער

איז ווילד אָפּער פון אונטערן טישל און שיעור מיטגעשלעפּט מיט זיך די שטיל. ס'מוז געוויס זיין עפּעס אויסערגעוועגלעכס — ווייל אַזעלכעס טרעפט זעלטן בײַ זישען. די אָנגעשטעלטע האָבן רעש אַוועקגענומען די אויגן פון די ביכער און זיך אומגעקוקט פאַרחדושט. זישע איז געשטאַנען אַזאַ צעפאָרענער אין מיטן שטוב, נישט געוווסט צו וועמען ער זאָל צולויפן. די צייטונג האָט זיך געוואָרפן בײַ אים אין האַנט און דאָס פּנים האָט שנעל איבערגעביטן די קאָלירן.

— חבר מרדכי, איך בעט אייך, לייגט אַוועק די פּען און זעט... — האָט זישע צעשראָקן אַרויסגעשטאַמלט און מיט ציטערדיקע הענט איבערגעגעבן מרדכי פייגינען די צייטונג.

אָבער וואָס ווייזט ער אים? עטלעכע שורות כראָניק אויף דער לעצטער זייט. נישט בעסער און נישט ערגער ווי די כראָניק פון יעדן טאָג אין יעדער צייטונג.

נאָר זאָל ער לייענען:

## אַן אַלקאָהאָליקער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד

דינסטיק האָט מען אין די לאַזשענקעס געפונען דעם טויטן קערפּער פון יאַן פּיסקאָרעק. אַ געוועזענער טראַמוויי-קאַסירער, 40 יאָר אַלט. ער איז געווען אַדורכגעשאָסן פון פיר רעוואָלווער-קוילן. ביים זעלבסטמערדער האָט מען געפונען אַ בריוו צו זיין פרוי, אין וועלכן ער געזעגנט זיך מיט איר און מיט די צוויי קינדער. ווי ס'איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, איז דער זעלבסטמערדער געוועזן זייער אַן ערלעכער מאַן און באַליבט בײַ אַלע זיינע חברים; זיין פאַמיליען-לעבן איז געווען ביז גאָר נישט לאַנג אַ גליקלעכס.

מיט אַ קורצער צייט צוריק האָט זיך בײַ

אים פלוצלונג גענומען אַנטוויקלען אַ דראַנג צו שכרות. ער האָט אַנטפּלעקט אַז ער איז קראַנק אויף אַלקאָהאָליזם און קאָן בשום-אופן פון דער שרעקלעכער קראַנקייט זיך נישט באַפרייען.

צוליב פאַרצווייפלונג האָט ער זיך דאָס לעבן גענומען.

— נו, וואָס? — האָט מרדכי אויסגעשטעלט די אויגן אויף זישען און זיך געחדושט, וואָס פאַר אַ שייכות ער, זי-שע, האָט צו יענעם.

און זישע האָט אַלץ נישט געקאָנט קומען צו זיך פון פלוצלונגדיקער איבעראַשונג און אויפרעגונג.

— ער אויך... ער!.. — האָט זישע געשטאַמלט — ער האָט זיך דערהרגעט... פּיסקאָרעק!..

זישעס פּנים איז געווען רויט און פאַרפלאַמט. מיט עט-לעכע טעג צוריק האָט ער זיך ערשט גענעגנט מיט פּיסקאָ-רעקן, נאָר ביי די אָנגעשטעלטע האָט עס נישט אַרויסגערופן אַזאַ אינטערעס און ער, זישע, קאָן נישט פאַרשטיין, פאַרוואָס איז מען אַזוי רויק? זיי אַרט גאָרנישט, ווי ס'וואָלט באמת אין ערגעץ גאָרנישט געשען.

— פאַרוואָס האָט מען נאָך אויף אים אַרויפגעוואָרפן אַ בלבול? אַ פאַלשע באַשולדיקונג? — האָט זישע געטענהט — דער מענטש איז דאָך נישט געווען קיין אַלקאָהאָליקער. ער האָט קיינמאָל קיין בראָנפן נישט געטרונקען, קיינמאָל נישט. ס'איז דאָך איינער פון די, וועלכע טראָגן די גרויסע פיזישע יסורים פון דער וועלט.

— וואָס איז די נפקא-מינה? — האָט מרדכי מיט זיין געוועגלעכער רויקייט באַמערקט — ער איז באַגאַנגען אַ שטות און ס'איז פאַרפאַלן. קיינער וועט אים סיי-ווי שוין נישט העלפן.

— און אַז אַפילו אַן אַלקאָהאָלישע קראַנקייט? — האָט זיך אָנגערופן נאַטאַן — קורירט מען זיך, זענען דאָך צו דעם פאַראַן דאָקטוירים, שפּיטעלער...

— ניין, ס'אַ ליגן! אַ סקאַנדאַל! — האָט זיך זישע געקאָכט — איך וועל אַוועק אין רעדאַקציע, מאַכן אַן אַוואַנטורע, זאָלן זיי אָפּלייקענען. איך מוז דעם מענטש רעאַביליטירן!

זענען אָבער פּסאָריאַטיקן בטבע פּאַסיווע מענטשן, אָן פעסטן ווילן, אָן עקשנות און קיום איז אַריבער דער ערשטער שטאַרקער איינדרוק פון דער איבערלעבונג און זישע האָט זיך אָפּגעקילט, האָט אים פאַרפעלט מוט. ער איז נישט אַוועק אין רעדאַקציע און פיסקאָרעקן נישט רעאַביליטירט.

•

זישע האָט זיך מיט פיסקאָרעקן באַקאָנט אין שפּיטאָל. זיי זענען געלעגן האַרט בעטל נעבן בעטל. פיסקאָרעק — אַ פּסאָריאַטיק, האָט געליטן זיבן יאָר אויף דערדאָזיקער קראַנקייט און דורך דער צייט אַפילו איינמאָל נישט אַוועק אין שפּיטאָל. ער האָט געמיינט — ווי ס'מיינען אָפט די צענדליקער טויזנטער פאַרמשפּטע פון זיין מין — אַז ס'איז נאָר אַן „אויסשיטונג” און ס'וועט אַליין פאַרשווינדן. דער גאַנצער גוף זיינער איז געווען אָפּגעשיילט, רויט־בלאָ, ענלעך צו בראַנדיק און ערטערווייז נאָך באַדעקט מיט ווייסע שיפּן. ווען אויפן זאַל איז שטיל געוואָרן און פיסקאָרעק האָט זיך געשלייכט איבער דער פּאָדלאָגע, אָנגעשטעקט אין זיינע אָפּענע לאַטשן, אין גראָ־גלאַטיקן לאַנגן מאַנטל און אין דער גראָ־ברוינער רייבעדיקער קאָלדרע, אַרומגעהילט אין איר ווי מיט אַ פּאַטשיילע, האָט ער אויסגעזען ווי אַ יינגער, אויסגעפייניקטער בזיר. דאָס בלייכע פּנים זיינס און די קיילעכדיקע, קינדערישע אויגן, פול מיט יעזוסעס גוטסקייט, האָבן איצט דערציילט פון אַ טיפן טרויער, פון יענעם געפערלעכן טרויער, וועלכער

קאָן ווי אַ שאַרף מעסער פאַרשניידן דעם מענטש פון דער ערד.

פיסקאָרעקס געשטאַלט האָט נישט געלאָזן נאָך זיך קיין שאָטן. ער אַליין איז געווען — שאָטן. און אין די טעג, ווען ער האָט נישט אויסגערעדט אַ וואָרט האָט ער געוויס עפּעס געטראַכט, נאָר זיינע מחשבות האָבן אים באַאומרויקט. האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזן אויפן בעטל, פאַרלייגט די הענט אין אַ צלם און צעשראָקן געקוקט אויף אַלעמענס בלאַסע פּנימער.

— גרויס זענען די יסודים פון מענטש, אָבער גרעסער און אַלמעכטיקער איז דער האַר, וואָס דערמעגלעכט דעם מענטשן, זיין קנעכט, צו גיין אויפן וועג פון אייביקייטס-אויס-לייזונג.

---

פיסקאָרעק און זישע. אַ קליינע אָבער ברויזיקע וועלט צווישן די ווענט פון „היילקן לאַזאַר". פיסקאָרעק — פרום, זישע — גלויביק; פרומקייט און גלויבן האָט זיי געשטאַרקט גובר צו זיין דעם צער פון זייער קראַנקייט און דער צער פון זייער קראַנקייט, איז געוואָרן דער קאָרידאָר צו זייערביידנס נשמות.

דידאָזיקע צוויי מענטשן האָבן ווייניק גערעדט צווישן זיך. זיי האָבן זיך געהאָלפן, באַדינט איינער דעם אַנדערן, געטרייסט, נאָר ווען זייערע בליקן האָבן זיך צונויפגעטראָפן — צעוויייטיקטע, אויסגעקרומטע האָבן זיך זייערע פּנימער אָפּגעקערט און די קנייטשן אויף די פּנימער זענען געוואָרן געדיכטער, פינצטערער און האָבן אויסגעדריקט אַן איבערמענטשלעכע פּייניקונג.

פיסקאָרעק האָט זיך צוגעשטעלט נעבן זישעס בעטל:

— וועלן מיר נאָך אַמאָל זען די וועלט?

— ווער ווייס... — האָט זישע אַ צי געטון מיט די אַקסלען.

און ווידער האָבן זיי געשוויגן. נאָר אין ביידנס מוחות האָט געעקבערט איין געדאַנק:

— אייביק פאַרמשפּט...

---

פּיסקאָרעקס ווייב, אַ מיטליאָריקע, פעטס־געבויטע און סימפּאַטישע בלאָנדינקע, איז געקומען. זי האָט זיך דערבענ־טערט צו זיין בעטל, ענלעך צו אַ באַרג טונקעלע, אַדורכגע־פּעצטע שמאַטעס, נאָר פּיסקאָרעק איז נישט געווען. מ׳האָט אים ערשט אַריינגעפירט אין באָד אריין און אויסגעשמירט פון קאָפּ ביז פיס מיט דזשעגעכץ און אַז דער דזשעגעכץ האָט גוט איבערגעבערענט זיין לייב, האָט מען אים אַריינגע־לייגט אין אַ הייסער וואַננע. פּיסקאָרעקן האָט באַשלאָגן אַ שווייס. טאָג־איין, טאָג־אויס ווי מען מאַטערט אים. ער פילט דאָך זיך שוואַך ווי אַן עופּהלע. זאָל מען אים לאָזן און ער וועט אַזוי איינשלאָפן אויף אייביק...

ווען מ׳האָט פּיסקאָרעקן אַרויסגענומען פון דער וואַננע איז ער געווען בלייך ווי קרייד, די אויגן צעשראָקענע, זענען נערוועז אַרומגעלאָפן אין די גריבער. מ׳האָט אים אָוועקגעזעצט אויף דער טאַבאַרעטקע און זיין דאַרער, ביינערדיקער גוף האָט זיך געטרייסלט פון קעלט.

מ׳האָט אים אַרומגעהילט אין אַ ווייס ליילעך און די וועכטער מיט עטלעכע חולאים האָבן אים אַ נעם־געטון און אַריינגעטראָגן אויפן זאַל. מ׳האָט פּיסקאָרעקן אַוועקגעלייגט גראַד, אויף דער פּלייצע, מיטן פּנים צום באַלקן, די פיס אויסגעצויגן ווי ביי אַ בר־מנן, איבערגעדעקט מיטן קלאָרן ליילעך, פון וואַנען ס׳האָבן זיך אַרויסגעזען די שפּיצן פינגער פון די פיס, שוואַרצע און איינגעריכט מיט אַ טונקעלער, שטינקעדיקער מאַסע.

אויפן זאַל איז די לופט געוואָרן געפּרעסט. דער ריח

פון דזשעגעכץ האָט זיך כיטרע אַריינגעשפּאַרט אין יעדנס נאָז־לעכער און פאַרקראָכן טיף אין האַלדז אַריין.

ערשט אַז פּיסקאָרעק האָט זיך באַרויקט, האָט ער באַמערקט זיין ווייב זיצן נעבן אים, ער איז דאַמאָלס געוואָרן נאָך מער טרויעריק. ס'איז אים עפּעס געווען אַ חרפּה און כאָטש ס'איז זיין ווייב — וואָלט ער געווען פול צעפרידענער ווען זי זאָל איצטער נישט קומען.

זי, פּיסקאָרעקס ווייב, האָט דאָס גוט פאַרשטאַנען, דערפאַר האָט זי אים געטרייסט, צוגערוקט זיך צו אים נאָך נענטער, צורעכט געמאַכט דאָס קישן אונטערן קאָפּ.

און פּיסקאָרעקס קינדער, 4—6 יאָריקע יינגלעך, וועלכע זענען מיטגעקומען מיט דער מאַמען, האָבן זיך שטאַרק צעווײנט. זיי האָבן איינגעגראָבן די פּנימער אין דער שוואַרצער, פאַרפּעצטער קאָלדרע און לאַנג אַזוי אַריינגעחעשעט אין בעטל אַריין.

פּיסקאָרעק האָט דאַמאָלס אויפגעציטערט, איינגעביסן די אינעווייניקדיקע ווייכקייט פון די ליפּן און אויסגעדרייט דעם קאָפּ, אַז דאָס ווייב מיט די קינדער זאָלן נישט זען. דערנאָך האָט ער זיך צוריק אומגעקערט, אַרויפגעלייגט די האַנט אויף די קינדערס גלאַטיקע, בלאָנדע הערלעך אַרויף און אין זיי אַריינגערעדט:

— ווײן נישט זיגמוש, ווײן נישט קאַזשו... דער טאַטעשי וועט נאָך זיין געזונט, ער וועט נאָך אַהיימקומען. נו, ווײנט נישט קינדער.

נאָר די קינדער האָבן נישט געגלויבט און יעדערס מאָל, ווען זיי האָבן באַזוכט זייער פאָטער, האָבן זיי זיך אויסגעווײנט רויטע, פלאַמיקע אייגלעך.

נאָכדעם ווי פּיסקאָרעקס פרוי מיט די קינדער זענען אַוועק און ס'האָט זיך געענדיקט די זעונג פון פרעמדע געסט, וועלכע זענען ביז איצט כסדר געקומען אויפן זאַל — האָט

פיסקאָרעק זיך אויפגעזעצט, פּאַוואָליע אַראָפּ פון בעטל און זיך אַנידערגעקניט אויף דער פּאָדלאָגע. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן, אַראָפּגעלאָזט דאָס פּנים צו דער ערד און שטום, מעכאַניש, אַ לאַנגע צייט אַזוי, כּמעט אָן אויפהער זיך איבערגעצלמט... געצלמט... געצלמט...

---

פּיסקאָרעק האָט זיך שווייגנדיק אויפגעהויבן פון דער ערד, עטלעכע מאָל אַריבערשפּאַצירט איבער דער פּאָדלאָגע, נערוועז געריבן דעם שטערן, פאַרהאַלטן זיך, ווי ער וואָלט זיך עפּעס געישובט און ווייטער געגאַנגען. מ׳האָט באַמערקט אַז פּיסקאָרעק טענהט זיך אויס מיט עמעצן, אַזאַ אומבאַקאַנטן, נאָר שטום, אָן לשון, אויף אַן איבערמענטשלעכער שפּראַך און אין דעם רויקן, שטילן פּיסקאָרעק האָט זיך מיטאַמאָל אַלץ צעבונטעוועט. פאַרוואָס? פאַרוואָס? פאַרוואָס?.. און וועמען האָט ער, יאַן פּיסקאָרעק, שלעכטס געטון? וועמען? אדרבה, זאָל מען אים זאָגן, ער וויל וויסן. און פּיסקאָרעק האָט זיך געשטאַרקט: אויך קעגן גאָט מעג מען פּראָטעסטירן, ווען ער איז נישט גערעכט. מ׳מעג!..

אָבער פּיסקאָרעקס פּראָטעסט איז געווען אַן אייגנאַרטיקער: ער האָט זיך נישט געקלאַפּט אין האַרצן אַריין, ער האָט נישט אויפגעהויבן קיין פויסט אין זע־ הויך, ער האָט זיך נישט אויסגעשמועסט און נישט געזידלט זיך אויפן קול.

— ווילסט נישט איך זאָל זיין געזונט? דאַרף מען נישט! וועל איך קומען צו דיר אַ קראַנקער און שעם זיך מיט דיינע מעשים! ווילסט נישט איך זאָל זיין אַ טאַטע צו מיינע קינדער? איך וועל דיר צוליב טון...

און פּיסקאָרעק האָט זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן שטוב, איבערגעקוקט זיך מיט די קראַנקע, וועלכע האָבן אויסגעזען אויף די שוואַרצע בעטלעך ווי ברודיקע, אָנגעוואָרפענע פּעקלעך. ווידער אַ פיר געטון מיט דער האַנט איבערן שטערן און

דער שטערן האָט זיך אויסגעגלייכט, נאָר דאָס פּנים איז געווען בלאַסער — אַזאַ הייליקע בלאַסקייט...

פּיסקאָרעק האָט צענויפגענומען דאָס גאַנצע עסנוואַרג וואָס האָט זיך געפונען אויף זיין טישל, אַלץ וואָס זיין פרוי האָט אים ערשט געבערענגט און מיט דערדאָזיקער שפּייז, געגאַנגען פון בעטל צו בעטל—ביינערדיקע, הונגעריקע הענט האָבן זיך אויסגעשטרעקט, גיריק צוגענומען פּיסקאָרעקס גאָב, געקוויקט זיך, באַלעקט זיך און אויף אַ רגע האָט עס אין דער טונקלקייט אויפגעראָיעט, ווי אַ קופּע לעבעדיקע מתים אין אַ פינצטערן קבר וואָלטן זיך פּלוצים גענומען רירן, באַוועגן זיך, איבערדרייען זיך, אויפהייבן זיך פון די ערטער... באַלד ווידער אַ טויטע שטילקייט.

נאָר ער, זישע, האָט זיך אָנגערופן:

— הער פּיסקאָרעק, וואָס טוט זיך מיט אייך, איר וועט דאָך נישט האָבן וואָס צו עסן.

— כ׳וועל האָבן, כ׳וועל שוין האָבן.

— איר וועט דאָך זיין הונגעריק.

— כ׳בין זאַט, די קראַנקייט האָט מיך שוין פאַרזעט...

אַזוי זענען אַריבער טעג, וואָכן... און פּיסקאָרעק האָט אַלץ נישט אויפגעהערט צו טענהן מיט גאָט, ער האָט כּסדר זיך אַזוי געבונטעוועט. פאַר די קראַנקע איז פּיסקאָרעק געוואָרן וואָס אַמאָל אַלץ פרעמדער, אַלץ סודותפולער; אַ מענטש דרייט זיך אַרום וואָכן לאַנג אין אַ שטוב און רעדט נישט אויס מיט קיינעמען אַ וואָרט, קנייטשט דעם שטערן אַזוי, ווי ער וואָלט עפּעס געוועזן פאַרטון אין אַ טיפן און שווערן וכּוח.

פּיסקאָרעק וויל דערגרונטעווען:

— פאַרוואָס ?..

אין איינעם אַזאַ פרימאָרגן, איז פּיסקאָרעק אַריין צום דאָקטאָר. דאָס פּנים זיינס האָט פאַרמאָגט די זעלבע הייליקע בלאַסקייט ווי אַמאָל, נאָר פון די ווינקלען אַרום זיינע אויגן,

אַרום זײַנע ליפּן האָט אַרויסגעקוקט אַן אומפאַרשטענדלעכע, פינצטערע צעשראָקנקייט.

— איך שרײַב זיך אויס, הער דאָקטאָר!

— וואָס איז געשען?

— איך וויל אַרויס פון דאַנען.

— פאַרוואָס אַזוי אומגעריכט, איר דאַרפט דאָך פאַר־ענדיקן דאָס היילן.

— איך האָב גענוג, הער דאָקטאָר.

פיסקאָרעק איז אויסגעשריבן. ער נעמט צונויף זײַנע זאַכן. ער פאַרלאָזט דעם הויף.

---

ער איז געגאַנגען איבער גאַסן, אָבער נישט אַהיים. פּיס־קאָרעק האָט נישט צו וואָס צו גיין אַ היים. ער האָט נאָך דערווייל נישט אויפגעגעבן דעם קאַמף. אַז ער, גאָט, וויל נישט אַז פיסקאָרעק זאָל גיין אַ היים — דאַרף מען נישט. זענען די פיס געגאַנגען ערגעץ אַנדערש, אַרויס פון דער רוי־שיקער שטאָט. און די שטאָט איז געווען באַשיט מיט זון. און די הײַזער און די שטיינער און די מויערן — זיי האָבן געבלענדט אין דער ליכטיקער זוניקייט, דערבײַ געוויס זיך געחידושט פאַרוואָס פּיסקאָרעק גייט דאָרט אַהין, אין די אויאַז־דאָווער אַלייען אַריין און פון דאָרט אין די לאַזשענקעס... ער האָט דאָך אַ ווײַב, ער האָט קינדער. און דאָס ווײַב וואַרט, די קינדער בענקען נאָך אים. וועט ער זיי אָנשרײַבן בריוו, אַז זיי זאָלן נישט וואַרטן, זיי זאָלן נישט בענקען... ער, יאַן, ער וועט נאָך צוריקקומען, ער וועט אומבאַדינגט קומען, נאָר אָן דער שרעקלעכער קראַנקייט, וואָס צעפרעסט צענדליקער טויזנטער מענטשן לעבעדיקערהייט... ער וועט נאָר אַ שפּרייז טון צו גאָט און פאַרענדיקן דעם גרויסן און וויכטיקן וויכוח... — — —

1928

# אַן אָפּאַטרונעק

די פרישע קראַנקע, וועלכע האָבן זיך אויפגענומען אין די לעצטע טעג, האָבן אַריינגעברענגט לעבעדיקייט אויפן זאַל. דער שאָפער לעגוצקי איז געוואָרן „קאָמענדאַנט" פון „לאַבאַי" און אויפגעפאָדערט מיט אַ שטרענגען באַפעל די חולאים, זיך צו שטעלן פאַר אים אויף „באַטשנאָשטש" און זיך מעלדן אויפן זעלנערישן שטייגער.

יעדער חולא, געקומענער פון גאַס, איז דעריבער צום ערשט געשטאַנען צעטומלט, נישט געוווסט וואָס דאָ קומט פאָר: — „אַ תפיסה צי אַ שפּיטאָל?" — נאָר צו טראַכטן איז נישט געווען קיין צייט. לעגוצקי האָט אויף יענעם אויסגע-גלאָצט אַ פּאָר ווילדע אויגן און אַ בייזן געשריי געטון:

— ווי אַזוי שטייסטו פאַר אַ קאָמענדאַנט?

האָט זיך דער קראַנקער פאַרלוירן, פאַר שרעק זיך אויס-געצויגן ווי אַ סטרונע, צוגעלייגט צוויי פינגער צו די שלייפן און סאַלוטירט:

— הער קאָמענדאַנט, דער קראַנקער מאַריאַן טשייקאָוו-סקי מעלדעט, אַז ער האָט זיך אויפגענומען אין שפּיטאָל אַריין!

— גוט. גיי אויף דיין אָרט.

אַזוי האָט זיך געמאָלדן איינער, אַ צווייטער, אַ דריטער...

נאָך דעם איז לעגוצקי געוואָרן „דאָקטאָר".

די חולאים פון די צימערן 1, 3, 4 און 5, האָבן נישט

געקאָנט דעם שיכור לעגוצקי און נישט געוווסט, וואָס אַ קראַנ־קער, ווען ער נעמט זיך אויף, דאַרף „אַדורכגיין" איידער ער ווערט אַ תּושב.

האָט לעגוצקי זיך איינגעהילט אין אַ פּאַרסוך, אָנגעטון ברילן, אַ קאַפּעליוש, וואָס ער האָט איינגעשאַפּן ביי די קראַנ־קע, צוגענומען עטלעכע „פּייגל" צו הילף, איז מען אַוועק צום פרישן חולא.

— ב—אַ—ט—ש—נ—אָ—ש—ט—ש! דער דאָקטאָר גייט, די פעלדשער גייען. ר—ו—ו—ו!..

דער אָנגעקומענער חולא איז פון דער אומגעריכטער פּאַראָרדענונג געוואָרן צעטומלט...

פלוצים גיט זיך אַ פּראַל אויף די טיר און ס'לאָזן זיך אַריין אַ כאָפּטע חולאים פאַרקליידעט אַלס דאָקטוירים, אַלס פעלדשער, אַלס וועכטער און אַלע קראַנקע שטייען „נאַ באַטש־נאָשטש" ווי דרענגער, גיבן נישט קיין שמייכל און דער פרי־שער קראַנקער קרעכצט, האַלט זיך קוים אויף די פיס.

— ווי לאַנג זענט איר שוין קראַנק? — פרעגט אים דער „דאָקטאָר" מיט אַן ערנסטע מינע און דערלאַנגט דעם קראַנקן אַ קוועטש, אַז יענער שפּרינגט אויף פון אָרט פאַר ווייטיק.

די „פעלדשערס" פאַרבייסן די ליפּן און די אַלטע קראַנ־קע, וועלכע געפינען זיך שוין דאָ חדשימווייז, שטיקן זיך מיט די פּנימער איינגעגראָבן אין די קישנס, ס'זאָל נישט עמעץ אויסשיסן אין אַ געלעכטער.

— שוין זיבן חדשים, הער דאָקטאָר, זיבן...

— אַזוי, זיבן...

און דער „דאָקטאָר" גיט אַ רוף, אויפן זעלבן אופן ווי דער אָרדינאַטאָר אַליין:

— מ'דאַרף דעם קראַנקן מאַכן אַן אָפּעראַציע!

און באַלד לאָזן זיך אַרויס עטלעכע „פעלדשערס" נאָך די „כלים": מ׳ברענגט צושלעפּן אַן עמער דזשעגעכץ מיט אַ סלאָי ווילקענסאָן און איינער טראָגט די גרויסע, שטרויענע שייער-באַרשט פון דער וואַנע.

— אַלץ צוגעגרייט? — פרעגט דער „דאָקטאָר" ווייטער ערנסט און דערלאַנגט נאָך אַמאָל אַ קוועטש דעם חולא.

— פאַרטיק, הער דאָקטאָר!

— איר וועט זיך איבערדרייען — ווענדט זיך איידל דער „דאָקטאָר" צום חולא — אָט אַזוי, מיטן רוקן קאַפּויער! דערביי פאַרשאַרצט ער אים העמד דאָס העפלעך אַרויף, בעסער...

און אַז דער חולא איז שוין „גוט צוגעגרייט צום „אָפּאַט-רונעק", נעמען עטלעכע פאַרשווין די באַרשט, טונקען איר איין אין עמער דזשעגעכץ און דערנאָך אין שוועבל, און אַזוי רייבט מען איין דעם חולא אַ „געזעס" — אַז בלוט שפּריצט אין דער הייך. דער קראַנקער שרייט. חברה רייבט אָבער אַלץ ווייטער ענערגיש, אָנגעשטרענגט, ביז דער חולא וואַרפט זיך קראַמפּהאַפט און ציטערט פאַר ווייטיק.

אַז מ׳האָט אָפּגעטון דאָס שטיקל אַרבעט, צעפליט מען זיך אויגנבליקלעך, יעדער אין זיין צימער אַריין; די קאַפּע-ליושן, ברילן און פאַרטוכער פאַרשווינדן, אין איין רגע — גאָרנישט, ווי קיינמאָל נישט.

צומאָרגנס אין דער פרי, ווי געוויינלעך, אַז דער אָרדי-נאַטאָר קומט און הייסט אַריינרופן די פריש-צוגעקומענע קראַנ-קע, זענען אַלע ווי געפגרט.

דער חולא ליגט ווי אַ פלאַץ אויפן בעטל און פייערט פאַר יסורים. ער קאָן זיך נישט רירן פון אָרט, נישט אַי-בערדרייען זיך פון איין זייט אויף דער אַנדערער; די הויט ביי אים איז רויט און אַנטצונדן, די עפענונג פון געזעס איז אָפּגעריבן און פאַרפּאַקט מיט עטלעכע פונט דזשעגעכץ.

מ׳טראָגט אַריין דעם קראַנקן אויפן „אַפּאַראַט" און די

לופט ווערט אָנגעפילט מיט עיפּוש און געסרכה... אַז דער אָרדינאַטאָר דערפילט נאָר דעם ריח פון דזשעגעכץ, פאַרשטייט ער שוין אַליין, וואָס דאָ האָט זיך אָפּגעשפּילט; ער ווערט מכּלומרשט אין כּעס, נאָר פאַר זיך שמייכלט ער שטיל אַריין אין זיין געלן, פירקאַנטיק־צוגעהיבלטן בערדעלע.

— ווער האָט אייך אַזוי פאַרשמירט? — פרעגט דער אָרדינאַטאָר.

— וואָס הייסט, ווער? — חידושט זיך דער ק־אַנקער און קרעכצט שווער — דער הער דאָקטאָר געדענקט שוין נישט? — נעכטן, אויפן אָפּאַטרונעק... אַך, ווי ס'ברענט!

די עטלעכע דרייסיק קראַנקע שיסן מיטאַמאָל אַרויס מיט אַ הילכיש געלעכטער. דעם אָרדינאַטאָר ווערט שוין אַלץ קלאָר און ער שרייט אין אויפרעגונג:

— פינצטערע האָלאָטע! ווי שעמט איר זיך נישט אַזוי צו פאַרברענען אַ קראַנקן? זאָל מען שוין זאָגן ווער דאָס האָט געטון, אַז נישט ווערן אַלע אויסגעשריבן פון שפּיטאָל!

נאָר די קראַנקע שווייגן ווי די לעמעלעך, מ'זאָגט נישט אויס און קיינער ווערט נישט אויסגעשריבן.

נעמט מען דעם קראַנקן חבריש אויף די הענט, מ'טראָגט אים אין באָד אַריין און מ'וואַשט אים גוט אַרום. נאָך דעם אָבער ליגט ער ערשט אַ צוויי וואָכן אומבאַוועגלעך אין בעט, וואַרפט זיך אין היץ און אין קעלט.

נאָר ווען דער קראַנקער פאַרלאָזט אין אַ צייט אַרום דאָס בעט און קאָן שוין אַראָפּגיין אויף דער ערד, ווערט ער דאָמאָלס אַן „אייגענער", מ'נעמט אים אין רעדל אַריין, מ'איז אים מכבד מיט פּאַפּיראָסן, מיט קיעלבאַס און מיטן „ביטערן טראָפּן".

און אַז ער אַליין ווערט שפּעטער אַ תּושב, ווערט ער אויך אַ „דאָקטאָר" און מאַכט „אָפּאַטרונקעס" פרישע „יאָלדן", וואָס קומען פון גאַס אין שפּיטאָל אַריין.

1926

# מ׳משפּט די טאַטעס

מ׳איז אַן אַרויפגעשאַרצטן אַרבל איז ישראלקע אַרויסגעקומען פון דאָקטאָרס קאַבינעט. דאָס פּנים זיינס איז געווען צעקרומט, און דאָס פאַרצויגענע, קראַנקע אייגל, האָט איצטער אויסגעזען בייזער, ברוגזדיקער, ווי געוועלעך. ער איז אַראָפּ פון די טרעפּ און אַריין אויפן זאַל.

אויף די בענקלעך, פּונקט ווי די גרויסע, דערוואַקסענע קראַנקע, זענען אויך געלעגן אין אומאָרדענונג — פאַרבונדענע, צעפּוילטע, פאַרשטונקענע — דאָס קליינוואַרג: אָט יענע קינדער, וואָס טראָגן אין זיך, פון זייערע יינגסטע יאָרן אָן, דעם צער פון דער וועלט. פינף, זעקס, זיבן, אַכט, ניין יאָריקע — נאָר שוין אַלטע, פאַרביסערטע, פאַרדאגהטע, מיט פינצטערע דערפאַרענע פּנימער און אויסגעלאָשענע אויגן.

— האָסט געקריגן אַ נאָדל, ישראלקע? — פרעגט דער 9־יאָריקער הערשל און לייגט אויף אַ פרישן באַנדאַזש אויף דעם רויען, אָפּגעשיילטן און אַנטצודענעם פלייש פון זיין עלנבויגן.

— געקריגן.

— ס׳האָט ווי געטון?

— יאָ ווי געטון, נישט ווי געטון — ענטפערט אָפּגעהאַקט דער 8־יאָריקער ישראלקע — אַז ס׳איז שוין נישטאָ

ווי צו שטעכן. כ׳בין שוין צעלעכערט פון די באָדלען אַזוי־יוי אַ ריבײַזן.

— טערפּענטין טוט מער ווײ. מיר גיט מען טערפּענטין — טענהט הערשל — ס׳איז ערגער. איך קאָן זיך שוין נישט רירן פון ווייטיק.

— און אַז מיר גיט מען אַרשעניק — כאַפּט אונטער צאַלקע.

— אַ וואַזשנע זאַך אַרשעניק — זאָגט דער 7 יאָריקער קלמנקע — אַז מיר מ׳גיט אַ פּעפּטאָן, האָב איך אַזוי פּיל היץ.

— און איך האָב נישט קיין היץ?

— ווער האָט דאָס נישט קיין היץ?

די קינדער, פּונקט ווי די גרויסע, ווייסן אַלץ. זיי ווייסן שוין דעם סוד פון אַלע ק־אַנקייטן. זיי ווייסן זייערע נעמען. קאָנען אויף אויסנווייניק אַלע רפואות און אפילו מיט די ווע־נעריקן פון ערשטן שטאָק זענען זיי באַקאַנט, מיט יענע קראַנ־קייטן — וועלכע לאָקן אונז שרעקן דער מענטשלעכער פאַנטאַ־זיע, פון וועלכע מ׳אַנטלויפט און יענע די געזונטע, די אָנ־געטועטע, די פרייע פון דער שטאָט האָבן אַזוי ווייניק אַנונג.

דאָס קליינוואַרג איז אומעטום. בלאָנקען זיך אונטער אַלעמענס פיס. פירן אויס שליחותן. הערן אויס אַלע שמועסן. זיי זענען דאָ חדשים און יאָרן. קומען און גייען און קומען ווידער... און וואָס אַמאָל מיט גרעסערע וווּנדן, טיפער איינגע־געסן אין פלייש אַריין, אין בלוט אַריין. פאַרלאָזן פון טאַטעס, פון מאַמעס. די קינדער פון פרומע עלטערן, מיט קינדער פאַר־גרעבטע, פאַרדאָרבענע, געבערענגט פון הייזער פאַר אונטערגע־האָרפּענע... אַלע זענען זיי דאָ. זיי וועלן נישט אַוועק. קומען און גייען און קומען ווידער...

---

פּאַרטאָגס, כאַפּן זיך די קינדער אויף די ערשטע. זיי ליגן ווי פאַרפייניקטע, איינגעוויקלט אין קופּעס ברודיקע, פאַרפּעצטע שמאַטעס. זיי שפּרונגען אַראָפּ פון די בעטן, מישן זיך אויס אין גערודער און אַז ס'ווערט שטיל, זאַמלען זיי זיך צונויף, פאַרצלמען די פּיסלעך און שמועסן.

— לייווקע, ווייז נאָר! — ווענדט זיך איינער פון די קראַנקע צו אַן אויסגעמאָגערט יינגל פון אַ יאָר 12.

לייווקע פאַרשעמט זיך. דאָס פּינצטערע פּנים ווערט פינצטערער, נאָר ער ווייס — אין אַ שפּיטאָל שעמט מען זיך נישט, און ער נעמט אַרויס אַ שטיקל גוף, וואָס באַשטעטיקט אַז לייווקע איז אַ זכר, ס'איז אומפאָרמיק און פול גרעסער ווי אַ פויסט פון אַ דערוואַקסענעם מענטש. דאָס שטיקל גוף איז אָנגעשוואָלן, גרין, כמעט פאַרשימלט און באַדעקט מיט האַרטע, פאַרבאַקענע גרוטשאָלן.

לייווקע האָט צום ערשט נישט געוווּסט, ווען ער איז קראַנק געוואָרן אויף דערדאָזיקער קראַנקייט, נאָר שפּעטער האָט ער זיך דערוווּסט: בעת מ'האָט אים, לייווקען, מל געווען, האָט אים דער מוהל ביי מציצה, מיטן אומריינעם פּיסק זיינעם, אָנגעשטעקט. אָבער לייווקע איז נישט איינאונאיינציק — ער איז איינער פון 36 אַזעלכע מילה-קרבנות, וועלכע דער זעלבער מוהל — ביז מ'איז דערגאַנגען — האָט אומגליקלעך געמאַכט אויף זייער גאַנץ לעבן.

און לייווקע קריגט נאָדלען, האָט תמיד היץ און ראַנגלט זיך אין יסורים.

די טאַטעס מיט די מאַמעס ווייסן נישט. זיי האָבן זיך שוין צוגעוווינט צום געדאַנק, אַז זייערע קינדער מוזן פאַרברענגען אין שפּיטעלער, מוזן זיך דאָ עלטערן.

פאַראַן טייל קינדער, וועגן וועמען די גרויסע, די דערוואַקסענע קראַנקע, שמועסן עפּעס שטילערהייט צווישן זיך און סודען זיך. נאָר די קינדער פאַרשטייען וואָס מ'רעדט. ס'קאָן

דאָך נישט זיין, – טראַכט דאָס קליינוואַרג — פאַרוואָס זענען אַט די מענטשן חושד זייערע טאַטעס, זייערע מאַמעס, זייערע זיידעס און באָבעס? קאָנען באמת די טאַטעס אָדער די מאַמעס שולדיק זיין אין זייערע קראַנקייטן?

און אין די מוחותלעך פון די קינדער האָט זיך פאַרגנבעט אַ משונהדיקער געדאַנק. אפשר יאָ? געוויס באַהאַלט מען עפּעס פון זיי. מ'וויל עס זיי נישט אויסזאָגן. אָבער איין וואָרט האָבן זיי געכאַפּט פון די שמועסן: ירושה... ירושה=קראַנקייטן... און דאָסדאָזיקע וואָרט מאַכט פינצטערער זייערע פּנימלעך, פאַרנעפּלטער, ברוגזער.

גייען די קינדער אַוועק אין גאָרטן אַריין, זיי דאַרפן עפּעס צווישן זיך רעדן.

— הערסט, לייזקע, — רופט זיך אָן ישראלקע — מ'זאָגט, אַז דאָס וואָס איך בין קראַנק, דאָס בין איך גאָרנישט שולדיק, נאָר מיין טאַטע.

— זיי זאָגן דאָך — מישט זיך אַריין קלמנקע — אַז מיין מאַמע איז שולדיק.

— וואָס הייסט אַז די מאַמעס זענען שולדיק? — פאַרשטייט נישט מאירקע, טראַכט דעם וואָס ער געפינט זיך שוין דאָס פינפטע יאָר אין שפּיטאָל.

— ס'איז שוין אַזוי!

— פאַרוואָס איז שוין אַזוי? — עקשנט זיך איין מאירקע.

— דו האָסט אַ פויערשן קאָפּ! — ווערט אין כעס ישראלקע — נישט בלויז די טאַטעס מיט די מאַמעס, נאָר אפילו די זיידעס מיט די באָבעס קאָנען אויך שולדיק זיין אין אונדזערע קראַנקייטן...

דאָס קליינוואַרג פאַרטראַכט זיך. מ'ישובט זיך ערנסט, ווי בעת אַן אסיפה פון זקנים.

— ווייל דען מיין מאַמעשי אַז איך זאָל זיין קראַנק און ליגן אין שפּיטאָל? — קאָן אַלץ קלמנקע נישט באַגרייפן.

— זי וויל טאַקע נישט, — פאַרענטפערט ישראלקע — נאָר ס'איז שוין פאַרפאַלן.

און דאָס וואָרט „פאַרפאַלן" לאָזט נישט צורו די קינדערשע מוחות. די געמיטער ווערן שווערער.

— פאַרפאַלן! פאַרפאַלן! פאַרפאַלן! — קלינגט עס פאַר זיי כסדר ווי אַ בייזע דראָונג. פאַרפאַלן — דאָס מוז זיין עפּעס אַ גרויס, אַן אויסטערליש, אַזאַ משונהדיק באַשעפעניש.

קומט דערנאָך אַ טאַטע אָדער אַ מאַמע אין שפּיטאָל אַריין, באַגעגנט דאָס קינד דעם טאַטן אָדער דער מאַמען פרעמד; דאָס קינד קוקט אין טאַטעס אויגן אַריין, ווי ס'וואָלט געוואָלט פון דאָרט געוואָר ווערן אַ סוד, אָט יענעם סוד — וועלכער ליגט ערגעץ טיפער, אונטער די ווייסלען און שוואַרצאַפּלען פון די אויגן...

צווישן קינד און טאַטע-מאַמע הייבט זיך אויף אַ וואַנט, אַ שווערע, אַ מויערן-פעסטע און אונטער דערדאָזיקער וואַנט, ווערט געבוירן — אָנשטאָט ליבע — אַ שטילע שנאה, וואָס ברענט ערגעץ טיף, ווי אַ קליין אָנגעצונדן פייערל...

און די קינדער ווערן שווייגנדיקער, שטומער, פאַרצאָגטער.

---

אַ געקלאַפּ אין די טירן. מ'לויפט.

— אָבער וואָס לויפט מען?

די קראַנקע באַרויקן זיך. פון קלאָזעט פירט מען אַרויס ישראלקען. ער איז איצטער בלאַס, צעשראָקן און דאָס קראַנקע אייגל טאַנצט נערוועז אַרום אין פאַראייטערטן גריבל:

און דער קראַנקער דערציילט אין איין אָטעם:

— כ'האָב געעפנט די טיר פון דער אוביקאַציע, זע איך ישראלקען. ער האַלט אַ מעסערל ביים האַלדז און פידלט,

פידלט, נאָר ס'מעסערל איז געווען טעמפּ און נישט געוואָלט אריינשניידן אין האַלדז אַריין.

ישראלקע איז געשטאַנען צווישן רעדל מיט אַן אַראָפּ־געלאָזענעם קאָפּ צו דער ערד, זיך געשעמט צוקוקן עמעצן אין פּנים אַריין און אינגאַנצן זיך געוואָרפן פון שרעק. אָט ווער קומען דער דאָקטאָר, מ'וועט אויסזאָגן און וואָס וועט זיין?

ווען מ'האָט אַ צעעפן געטון די טיר און ישראלקע האָט דערזען פאַר זיך אַ מענטש, איז ער געבליבן שטיין אַ צע־פּאָרענער מיטן האָלצערנעם קניפּיקל אין האַנט און ער האָט נישט געקאָנט מער די האַנט אַראָפּלאָזן, אַזוי ווי זי וואָלט אים מיטאַמאָל פאַרגליווערט געוואָרן.

— וואָס האָסטו געוואָלט טון, ישראלקע? — האָט מען אים געפרעגט — ס'וואָלט דאָך דיר ווייַ געטון, ס'וואָלט גע־גאַנגען בלוט...

און ישראלקע צעוויינט זיך:

— אַזויפיל יאָרן. אַזויפיל יסורים... איך קאָן שוין נישט מער...

די קראַנקע פאַרטראַכטן זיך:

— און אפשר איז ישראלקע גערעכט?..

1928

# בריוו

די וועכטער האָבן זיך אָנגעבויגן, אונטערגעהויבן דעם קראַנקן, אים פעסט אַ נעם געטון און אַרויפגעלייגט אויפן טראָג-בעטל.

קראַנקע האָבן זיך אַרומגעשטעלט, באַדויערט און דער־נאָך אַ לאַנגע צייט נאָכגעקוקט דורך די פענצטער, ביז די וועכטער זענען פאַרשוואונדן אין דער ווייטקייט פון לאַנגען הויף.

נאָך אַ בעטל איז געוואָרן ליידיק. אַ ליידיק בעטל אין שפּיטאָל — ווי אַ גרויסע וווּנד אין אַ לעבעדיקן גוף. מ׳רירט זיך נישט צו. דער קראַנקער איז דאָך נישט אַוועק אַהיים. ס׳האָט זיך פאַרערגערט און מ׳האָט אים איבערגעפירט אין אַן אַנדער אָפּטיילונג. און ביי די איבערגעבליבענע מערט זיך די שרעק און דער טרויער, וועלכע טאַנצן אַרום ווי אומהיימלעכע שאָטנס אין די אויגן — —

— גאָט קאָן העלפן!

— גאָט וועט העלפן!

דער וועכטער איז דערנאָך צוגעגאַנגען צום בעטל, אויפ־געהויבן דעם שעניק און אויפגערודערט דאָס שטרוי, נאָר פון אונטערן קישעלע איז מיטאַמאָל אַפּערגעפאַלן אַ פּעקל צעקנייטשטע פּאַפּירן. ווען מ׳האָט זיך גוט צוגעקוקט צו די־דאָזיקע פּאַפּירן, איז עס געווען אַ בינטל אַלטע בריוו געשריבן

מיט בליישטיפט, נישט לעזבאַר, פאַרמעקט, אויף טייל ערטער אַפילו אָפּגעריבן און אין ערגעץ נישט אַדרעסירט.

אַזעלכע בריוו זענען הייליק. זיי זענען מער ווי בריוו — זיי זענען ווידוי. אַזוי שעפּטשעט אַ קראַנקער, בעת ער איז אויף, ווען ער שלאָפט נישט פון בענקשאַפט און יסורים אָדער דאַמאָלס, ווען ס'ווערט מ׳אויס צו קוקן אין דער וועלט אַריין, צו קוקן און טראַכטן.

נעמט מען, מ'וויקלט אויף די בריוועלעך און מ'לייענט איינס נאָכן אַנדערן: —

I

— — ...כ'בין געלאָפן אויף די טרעפּ, כ'האָב זיך צע־וויינט. אַן אומגליק פאַרפאָלגט מיך, אַזוי פון קליינוויז אויף... אַן אומגליק... פאַרוואָס? פאַרוואָס? — און וואָס וואָלט מיר געפעלט, ווען איך זאָל געזונט זיין?..

פאַרן אויפנעמען זיך אין שפּיטאָל אַריין, האָב איך גע־שריבן צו גיטעלען, אַז איך זוך פאַר איר אַ פּאָסטן און אַ וווינונג אין וואַרשע, זי זאָל קומען צו פאָרן. וויפל פרייד וואָלט זי מיר געקאָנט געבן?.. אמתע, קינדערישע פרייד...

אָבער פאַרוואָס אַנטלויף איך אַזוי פון מענטשן, פון פרויען?.. אַהאַ, ס'יאָגט מיך נאָך די מורא, אפשר קערט מען זיך אָפּ פון מיר? אפשר מיידט מען מיך אויס? אפשר מען זיך מיט מיר?.. איך בין דאָך אַן אייביק פאַרמשפּטער... אייביק! אייביק! אייביק!

כ'האָב אָנגענומען אַ נייעם פּאָסטן אין קראָקע. אָבער וועמען גייט עס אָן? וועמען אַרט עס? איך דאַרף אַ פּאָסטן? פאַר מיינעטוועגן? און אַז נישט אַרבעטן? — איך בין דאָך שוין פאַרזיכערט, ביזן גרייז־גראָען עלטער פאַרזיכערט. און איך האָב נאָך פאַרלאַנגען, מיין בלוט שרייט צו דער וועלט...

## II

יאַנואַר... פעברואַר... מערץ... אַפּריל... מאַי... יוני... יו־לי... — דריי יאָר... — פיר יאָר... — פינף יאָר... פרילינג... זומער... האַרבסט... ווינטער... — טאָג־איין, טאָג־אויס... טאָג־איין, טאָג־אויס... דאָקטוירים... אַפּטייקן... מעדיצינען... קרייטעכצער... איינשפּריצונגען... בעדער... רענטגען־שטראַלן... — פאַרמאַטערט, פאַרפּייניקט, אויסגעבלייכט, צעשראָקן... צעפרעסן, פאַרשמירט, פאַרשטונקען... — באַליידיקט... דערנידעריקט... אַך, — — אַך — — אונדזער לעבן... — — —

## III

— — ... ווי ס'האָט מיך צעבראָכן די ידיעה, אַז פּיס־קאָרעק איז פון „לאַזאַר" אַוועק אין די לאַזשענקעס און באַגאַנגען זעלבסטמאָרד; דריי קוילן אין ברוסט, די פּירטע — אין קאָפּ און, אויס פּיסקאָרעק! ער ראַנגלט זיך נישט מער... ער וועט זיך שוין מער נישט פּייניקן...

אַך, אָרעמער פּיסקאָרעק. ער האָט עס נישט אויסגעהאַלטן. כ'האָב געמיינט כ'וועל משוגע ווערן. פאַרשטייט, טייערע, פאַרשטייט, ביידע האָבן מיר זיך געהיילט, איין קראַנקייט, איין מדרגה — בעטל נעבן בעטל, נאָר ער, פּיסקאָרעק, האָט עס נישט אויסגעהאַלטן...

אָפּט מאַטערט מיך אַזאַ שוואַרצער, אַזאַ משונהדיקער געדאַנק: און וואָס וואָלט געשען, ווען די וועלט וואָלט אָרעמער געוואָרן מיט נאָך אַ נפש? אַזאַ קליין, נישטיק באַשעפעניש? — תּיכף אָבער קומט די ליבע צום לעבן, צום לעבן! און ס'ווילט זיך אַזוי געזונט זיין, אַ געזונטער צווישן געזונטע.

און ווען איך, אַ שטייגער, וואָלט געווען אויפן אָרט פון יענעם מענטשן, דאָרט, אין די לאַזשענקעס? וואָלט עמעץ מיך

באַדויערט? כ׳ווייס, די מאַמע אַליין וואָלט זיך נאָר די אויגן אויסגעוויינט...

## IV

נאָך אַן אָפּרו פון וואָכן, האָב איך ווידער שפּאַצירט אין גאָרטן. די ערד איז האַרט און האַרבסטיק און באַשיט מיט גרינע, לעבעדיקע בלעטער. ביז צען מינוט האָב איך פאַרברענגט אין דרויסן אַן איינגעהילטער אין מיין דיקער, טונקעלער קאָלדרע און פרייער אָפּגעאָטעמט. אויפן זאַל איז די לופט שטיקנדיק. אָט זיץ איך ווידער אויף מיין בעטל. אַ בית־עלמינשע שטילקייט. כ׳קוק אויפן רויטן, געמויערטן פּלויט, וואָס טיילט אונדז אָפּ פון דער שטאָט. פון יענער זייט טראָגט זיך אַהער אַ געזונטער גערויש. מ׳איילט, מ׳לויפט, מ׳האָט קיין צייט נישט. ערגעץ טאַנצט מען און דאָ פאַרכלינען מענטשן אין געוויין...

1924

# צווישן די ווענט פון הייליקן לאַזאַר

אַ דאַרער, יאַ פאַרפייניקטער, מיט קליינע קאַלמיקישע אייגלעך, אַריינגעזעצט טיף אין געלן, קרענקלעך־צעצויגענעם פּנים אַריין און מיט אַן עטוואָס אויסגעבויגענער פּלייצע, וועלכע פּאַסט זיך נישט צו זיינע צווייאונצוואָנציק יאָרן, ער — אַברוש, איז אַראָפּגעשפּרונגען פון טראַמוויי און געבליבן שטיין אויפן וועג נעבן טראָטואַר. נאָך דעם ווי ער איז צו צום ערשטן ראָג, האָט ער נייגיריק באַטראַכט די פרעמדע און אומבאַקאַנטע געגנט.

אָנהייב „נייע וועלט" און פּלאַץ „דריי קרייצן". אַ גאַס ציט זיך באַרג אַראָפּ, קרייזט זיך אַוועק אין דער ווייטקייט ווי אַ שלאַנג און ווערט פאַרלוירן. ס׳שאַפט דעם איינדרוק, אַזוי ווי וואַרשע וואָלט געלעגן צוקאָפּנס דערדאָזיקער גאַס. ס׳איז צען פרי, אין דרויסן איז פייכט און ערב־פרילינגדיק.

מיט אַ קליין פּעקעלע אונטערן אָרעם געפונט זיך אַברוש פאַרן טויער אויף קשאָנזשעווצע 2. דאָס האַרץ קלאַפּט: — שפּיטאָל הייליקער לאַזאַר. אָט איז ער אויף דער פריי, שפּיגלט זיך אין זיינע נייע לאַקירטע שיך, הילט זיך איינם ראָד פון אויפגעבלאָזענעם קימאָנע פּאַלטאָ, און באַלד — וועט ער דעמדאָזיקן אויסזען פאַרלירן, פון וועלכן ער אַליין האָט אַזוי הנאה, אפשר זיין איינציק פאַרגעניגן, — און זיך אויסמישן מיטן געזוים פון גראָע, קראַנקע פיגורן.

אַברוש איז אין וואַרט־זאַל. אַ בית־עלמינשע שטילקייט. באַרמהאַרציקע שוועסטערן איילן פאַרביי. אַ ווייַרעך־קעלט יאָגט פון זייערע מלבושים. אַברוש ליינט אַ/ע מעלדונגען אויף די ווענט. אַלץ דאַרף ער וויסן. יעדער וואָרט, יעדער אות האָט צו אים אַ שייכות. ער און דאָסדאָזיקע הויז האָבן איצטער אַ בונט געשלאָסן.

אַברוש שפּאַצירט אויפן הויף. פאַראַן אַ סך טויערן, סטעזשקעס אוןביימלעך. אַלץ איז נאָך גראָ. פרילינג־צייט און זומער, מוז דאָ אמתדיק שיין זיין. באַזונדערס פאַרכאַפּט אים דער קינסטלעך־פאַרצוימטער באַרג מיט געוויקסן, נעבן וועלכן ס׳געפונט זיך דער וווּנדערלעכער געזימס פון דער ריזן־בריק „3 מאַי״.

די פאָרמאַליטעטן זענען דערליידיקט. אַברוש דאַרף זיך איבערטון. אַ יינגל פירט אים ווייזן דעם וועג. ער גייט. אַלץ און אַלעמען איז ער דאָ אונטערטעניק. ער איז נישט אין אייגענעם רשות און פילט זיך פרעמד. אויפן ערשטן שטאָק טרעפט אַברוש דעם וועכטער! דאָ, ווייס ער, צווישן איינע פון די טירן וועט ער געפונען זיין אָפּרו.

אויף אַברושס אָנקום מיט די ציווילע קליידער און איי־דעלן אויסזען, באַגעגענען אים אַ מחנה חולאים, וועלכע זע־נען ביז איצט געווען צעזייעט איבער די קאָרידאָרן און אויס־געזען, אַזוי ווי דעזערטירן אין תפיסה.

אַברוש שטייט אין אַ רעדל, מ׳באַטראַכט אים און פון די צימערן הערט זיך:

— אַ גאַסט!

— אַ פרישער גאַסט!

איינער אַ לאַנגער, ביינערדיקער חולא, מיט אַ צעפּרעסן און ברודיק אַרומבאַנדאַזשירט פּנים, וואַרפט צו אויף חוזק:

— דאָסטאַל פּאַן?.. הע, הע, געוויס געקריגן...

אַברוש פאַרלירט זיך. וואָס פאַרא צירות? טונקעלע, אָפּ-געבּרענטע און די בגדים זייערע אויסגעשמירט און פאַרלאָזן.

די לופט איז שטיקנדיק און דער אָטעם ווערט געפּרעסט.

אַברושעס חלום ווערט צעשוומען ווי אַ זייפן-בלאָז. ער, אַברוש, איז מיד פון לעבן און אַדורכגענומען מיט אַ שטילן טרויער. אָפּגעזונדערט און ווייט פון היימישע. און די פריינט פון דער גרויסער שטאָט זענען קאַלטע, פאַרטון אין אייגענע דאגות און קאָנען נישט פילן דעם צער פון אַ צווייטן. האָט אַברוש געטראַכט: ער איז קראַנק, ווערט ער אַוועק פון קאַראַ-האָד-געררויש, זיך איבערקליידן אין ווייסן און אויסרוען זיך ערגעץ אויף אַן איינזאַם בעטל אין אַ פאַרוואָרפּע-נעם שפּיטאָל. איז עס אָבער אַנדערש, פון היימישן געווימל — אין אַ פרעמד גהינם.

— כאָטש פּאַן נאַ סאַלע! — רופן אים געלעכטער-קולות.

— פּאַניע, כאָטש טוּ!

אַברוש עפנט די טיר. אַ שדים-כיכיקן טראָגט זיך אַנט-קייגן. אין אויג גיט אַ שלאָג: — צוויי לאַנגע שורות שוואַר-צע בעטלעך, ענלעך צו שמאַטעס, אויף זיי ליגן פינצטערע נפשות, מיט אַדורכגעפּעצטע באַנדאַזשן. אַן עקל געמט אַרום און ער פרוווט אַנטלויפן.

— גדזשע פּאַן לעטשי?

— פּאַן זאסטאַניע!

— טשעגאָ פּאַן שע באָי?

— גאָט מיינער! און דאָ וועל איך פאַרברענגען, ווער ווייס, וויפל טעג אָדער וואָכן?

אַברוש איז אַרויס אין דרויסן און געפילט אַז פון דער שטיקנדיקער היץ און שאַרפע ריחות פון מאַשטשן, נעמט זיך אים דרייען דער קאָפּ.

---

אויפֿנאָן האָט אַברוש זײַן בעטל. דאָס ערשטע איז עס פֿון דער לאַנגער רײ. איבערן קאָפּ אַ גראָער, פֿאַרשטױבטער צלם. נעבטן האָט אויפֿן זעלבן בעטל געדוט אַ צווייטער. צימער № 2 — דאָ ליגט ער. פֿאַרנאַכטלעך. ערשט האָט אַברוש באַקומען בגדים און ער אָרדנט זיך איין אין זײַן נײַער דירה. מיט אים זענען אַמייסטן עלטערע מענטשן, באַקאָנט מען זיך און אַברוש פֿילט זיך פֿרײַער. ער גיט זיי איבער וועגן זײַן קראַנקייט און פֿון אַלע זײַטן פֿליען חברשע עצות. מ׳זעצט זיך אויס בײַ אים אויפֿן בעטל און אַזוי אַרום שליסט מען פֿרײַנטשאַפֿט.

*

אַברוש שפּאַצירט אויפֿן הויף.

עטלעכע צענדליק אונטערגעשווירענע בלאָנדינקעס פֿאַר-האַלטן אים און לאַכן אים אין פּנים אַרײַן.

— לאַדני כלאָפּאַק!

צו די פֿענצטער פֿאַרקלייבן זיך מענער און ס׳קומט פֿאָר אַ ווינקעניש.

— עך, כ׳וואָלט געווען אַ בעלן... — זאָגט אַברוש.

— נו, נו, אויב ס׳איז דיר ווייניק פּסאָרא, קאָנסטו דיר אײַנקויפֿן נאָך עפּעס... דאַרפֿסט נישט קלויבן, קאָנסט נעמען אַזוי ווי ס׳גייט — די שענצטע...

שיין זענען זיי אַלע, גאָלדענע בלאָנדינקעס. און אַברושן נעמט אַרום אַ ווייטיק: אַך, ווען נישט ער און ווען נישט זיי וואָלטן געווען אַזעלכע...

אַברוש איז אין ערשטן הויף. אַ הויכע געביידע. ביימער. אַספֿאַלטענע טראָטואַרן ציען זיך לענג-אויס. „גינעקאָלאָגישע אָפּטיילונג". די פֿענצטער זענען צעעפֿנט און מ׳קלאַפּט אין די שייבן.

— היי, קאַוואַלער, פּאַפּיראָסי!

— פּאַפּיראָסי, מלאָדי!

— פּאַ—פּיע—ראָ—סי!

איבער אים און אַרום אים פּרויען. צו אַברושס מזל און זייער שלים-מזלדיקייט איז ער גראָד אַ מאַנספּערשוין וואָס רייכערט נישט. און פון וואַנען וואָלט ער גענומען אַ פאָרהונדערט שטיק, מכבד צו זיין יעדער כאָטש מיט איין־איינציקער פּאַפּיעראָס?

---

אַברוש האָט זיך איבערגעקליידט און זעט אויס נישט שלעכט, באַזונדער טוט אים הנאה דאָס אויסגעהאַפּטענע רויטע קרייצל אויף דער לינקער ברוסט פון זיין העלן מאַנטל. מ׳איז אים מקנא: אַן אָנשטענדיקער בגד. מ׳האָט אים, אַברושן, פאַרבעטן אויפן באַרג — אַ שפּאַציר, נאָר אַברוש גייט נישט. ער האָט ליב שפּאַצירן אַליין און טראַכטן, פאַרטראַכטן זיך וועגן דרויסן און וועגן זיין קראַנקייט. צייטנווייז פאַרגעסט מען, גיכער פאַרגעסט זיך אַז מ׳איז אויף דער פריי, מ׳האָט קיין צייט נישט — דער קאַמף פאַרן קיום, פּרנסה.

— טאַקי מלאָדי — רופט זיך אָן אַן עלטערער פּסאָריאַטיק, אַ קריסט — קוליאַ וו לעב, אי באַסטאַ!

דער מוח גיט זיך אַ וויג און די אויגן שטעלן זיך אָפּ אויפן אויסגעהאַפּטענעם רויטן קרייצל.

אַברוש קאָן נישט אַוועק פון פענצטער, אַלע ווײַלע טראָגט זיך אַרויף אַ הילכיק געלעכטער. אַך, גאָט, וואָס׳ר הערלעכע פרויען!

אַ באַהאַלטענער ווילן צעזאַמען מיט שרעק ציט אים צו זיי — ווי שיין זיי זעען אויס אין זייערע העלע שפּיטאָלמאַנטלען. און ווי פּרעכטיק איז יענע, וואָס טראָגט אירע אייגענע קליידער און אַ וואָלענע שאַטקע אויף די שאַטינע האָר.

ס׳שטייען לינדע טעג און זיי געפינען זיך אַמייסטן אונטער די פענצטער פון דער מענער־אָפּטיילונג, זיי זענען פריילעך און שטיפן ווי קליינע קינדער.

---

פון ווייטן, פון דער געביידע אין צווייטן הויף, טראָגט זיך דער אָוונט-געבעט פון די פרויען:

אַ, מרים,

זיי מתפּלל, זיי מתפּלל פאַר אונדזערטוועגן...

— שוועסטערן!

אַזוי קאָנען נאָר זינגען תּיליקע. ווי ער האָט זיי ליב, דידאָזיקע מיידן! קיינער קאָן נישט וויסן זייערע אינערלעכע פיבערן, אַזוי ווי ער, אַברוש. ער קוקט דאָך נישט פון „אויבן-אַראָפּ“ — צעזאַמען לעבן זיי און אָטעמען...

אַברוש פאַרטראַכט זיך וועגן דער יינגער שמיפערקע מיט דער שאַטקע אויפן שאַטינעם קאָפּ. ווי שיין זי מוז דאָס איצט אויסזען ביים אָוונט-געבעט. אַזאַ שלאַנקע און גראַציעזע פי-גור, אַ ווייס קולעכל און אויגן — בלאָע, קינדערישע שיפלעך.

— און ווער וואָלט געגלויבט?

— שוועסטערן, דאָס האַרץ טוט מיר ווי פאַר אייך!

---

עלעקטרישע לעמפלעך אין טונקעלע אַבאַזשורן באַלייכטן דעם צימער. ס'איז אָנגערייכערט. אין זיין העלן, צעעפנטן מלבוש, וואָס איז אָן קנעפּ און קעשענעס, גלאַט פון אויבן ביז אַראָפּ, שפּאַצירט אַברוש אויף דער פּאָדלאָגע; ער טראָגט זיינע אייגענע לאַקירטע, אויסגעפּוצטע שיך און ער איז צע-פרידן. אַ טייל קראַנקע זיצן אויף זייערע בעטלעך און באַ-רירן די ווונדיקע ערטער, אַנדערע ליגן אויסגעצויגן און ברוי-מען עפּעס. אַברושס שכן איז פון פאַך אַ שאָפער, דאָ ריסע-וועט ער אָדער ער סאַטואירט אויס מיט נאָדלען זיין לייב. דער שאָפער ליידט אויף עקזעמע, ביי אים זענען די פיס פאַרבאַנדאַזשירט, די הענט רויט און די הויט שיילט זיך, זיצט ער אַזוי שעהנווייז און ציפּט די שיפּן פון די פינגער. דאָס פּנים זיינס איז באַדעקט מיט אַ געלן שאַיס, פּונקט אַזוי ווי

ער וואָלט געהאַט די „געלע זאָכט". דער שאָפער איז אָבער תמיד פריילעך, זינגט „פּאָלסקיע קוויאַטי" און ליוועט אַ כוסה נאָך אַ כוסה.

---

רויק. עטלעכע האָבן זיך פאַרקליבן אין אַ ווינקל און שמועסן. מ׳רעדט ערנסט וועגן קראַנקייטן און מ׳דערמאָנט נעמען פון שפּיטעלער.

יעדער איז פאַרזאָרגט.

געקומען פאַרנאַכט־צו אַ זקן.

אַברוש שפּאַצירט אַרויף און אַראָפּ, פאַרצויגן דעם שטערן און טראַכט. ער פילט אַזוי ווי אַ שלאַנג וואָלט זיך אים אַריינגעלייגט אין די געדערים אַריין.

— מ׳דאַרף פאַרשטיין — זאָגט ער צו זיך — אַלע ראַנגלען זיך, יעדער האָט אַ ווייב, קינדער, עלטערן; יעדער וויל זיין געזונט: „קוליאַ וו לעב אי באַסטאַ!.." דאַרף מען דאָס טון? אפשר? — — —

מענטשן איילן, האָרעווען, קלערן וועגן פאַרמעגנס, וועגן ליבע, וועגן קאַריערע; זיי וויסן נישט ווי גליקלעך זיי זענען. אונטערן מענטשנס פּלייצע געפונט זיך אַזעלכעס, וואָס קאָן אַ תּל מאַכן צו אַלעמען.

אַברוש זעצט זיך צו. ער וואָלט עפּעס געליינט — נאָר ער קאָן נישט. דער מוח זינקט צו דער ערד.

נישט מער ווי איין־איינציק לעמפּל איז געצונדן און וואַרפט אַ מאַטקייט, פון דרויסן שוואַרצלט זיך די קייגנאיבער־דיקע מויער.

אַ קראַנקער גייט פאַרביי:

— ווען וועט מען זיך אַמאָל אויסהיילן, פּאַניע?

— ווער ווייס, ווער ווייס...

---

ס'איז היימלעך. די קראַנקע פּאַרגעסן אָן די אייגענע דאגות. מ'האַלט זיך אונטער מיט אַ נייעם גאַסט. וואָס איז נעכטן געקומען. שלאָפן, שלאָפט ער אויף דער ערד, אין ווינקל ביים אויוון. ער איז אַ פּאָליאַק, זעט אויס ווי אַ ייד און רעדט — ווי אַ רוס. ער טראָגט אַ שוואַרץ נאַפּאָלעאָניש היטל מיט צוויי שפּיצן, וואָס זעט אויס אַזוי ווי אַ שיפל. ער ווייס נישט אויף וואָס ער איז קראַנק. ער יעֶנקעצט זיך און קוקט כסדר דורכן פענצטער. ער האַלט זיך אין דער זייט און וויל בשום־אופן נישט אויסזאָגן, צי ער האָט אַ ווייב... איינס אָבער האָט ער תיכּף דערציילט: ער איז פון אַ דאָרף, אַמאָל איז ער געווען אַ פּאַסטוך, אַן אָרעמער פּאַסטוך אָן עלטערן; עטלעכע זייגע ברידער זענען דערהרגעט געוואָרן אין דער מלחמה און אַ שוועסטער — איז זי דערשטיקט געוואָרן אין אַ קעלער. איי־נער אַליין האָט ער זיך אויפגעהאָדעוועט אין דאָרף און שפּע־טער — אויף גאַסן פון דער גרויסער שטאָט. ער האָט אַפילו קיין פּאַספּאָרט נישט און אַזוי וואָגלט ער פון שפּיטאָל צו שפּיטאָל.

די דערציילונג האָט געווירקט.

— זינג רורקאָ, קריגסט מיין שיסל קרויט!

— רורקאָ זינג, מיין פּייקע ברויט קריגסטו!

און רורקאָ איז איינגעשפּאַרט:

— ס—ס—סלאָדקי סינו, ג—גל—גלאָדנאַ ט—טוואָיאַ מאַטש!

— כאַ—כאַ—כאַ!

— כיע—כיע!

די קראַנקע זענען אויפן „אַפּאַראַט". אַ מאַן דרייסיק. צעפּרעסענע ליפּוסן, מיט צעפּוילטע און געשוואָלענע גלידער. אַברושן נעמט אַרום אַ שוידער. יענע, די קראַנקע, געפינען זיך שוין דאָ צו עטלעכע יאָר — אַלטע שפּיטאַלניקעס.

רורקאָ איז אויך דאָ. ער וויל זיך נישט אויסטון.

— שמיר זיך אויס! — זאָגט דער דאָקטאָר צו אים
נאַ, דאָ האָסטו מאַשטש.

— שמיר דו זיך אויס.

די קראַנקע קייכן שטילערהייט פון געלעכטער.

— פשאַ מאַטש. ווילן פאַרמאַטערן. די קישקעס דאַרן
איין. וואָס גיט מען דאָ? אַ ביסל וואַסער גיט מען! — ליאַ-
רעמט רורקאָ אויפן קול.

— נו, שמיר זיך אויס און לאָז דיר אַראָפּנעמען ס׳בערדל,
העסטו קריגן געדיכטס — טענהט דער דאָקטאָר.

— פאַרוואָס שערסטו נישט אָפּ דיין בערדל? סלאָדקי סינו!
די וועכטער פרווון אים נעמען מיט געוואַלט.

— וועט מען דיך אויסשרייבן — וואָרנט אים דער דאָק-
טאָר, אַריינשמייכלענדיק אין זיין אייגענעם געלן, פירקאַנטיק-
צוגעשוירענעם בערדעלע, ווי אַ גלייך אָפּגעשניצט ברעטל.

— גוט, האָב איך אַ זאָרג. מ׳וויל כ׳זאָל פגרן!

— קאָנסט גיין.

רורקאָ כאַפּט זיך אַרויס אין דרויסן און דערלאַנגט אַ זעץ
מיט דער טיר.

— בורדעל! — הערט מען רורקאָס קול פון יענער זייט.

---

די פענצטער זענען צעעפנט און אַ קילער ווינט שטראָמט
אַריין. אויפן הויף איז היימלעך. פון דער קינדער-אָפּטיילונג
טראָגן זיך אַרויס יינגע קולותלעך צענויפגעמישט מיט אַ היליק
געבעט. ערגעץ שפּילט מוזיק. עטלעכע קראַנקע זענען נאָר וואָס
געקומען פון שפּאַציר און מיטגעבראַכט פרישע צווייגן. דער
זקן קייגן איבער אַברושן האָט זיך אויפגעזעצט, פאַרייכערט
אַ פּאַפּיראָס און אויפגעהערט קרעכצן.

די לופט דערוויקט. ס׳פילט זיך, אַזוי ווי נאָך אַ רעגן. דער
גאַנצער ריח פון די גרינסן אויפן באַרג רייסט זיך אַריין אין צימער,

ס'איז שטיל — אַפילו דער פּסאַריאַטיק איז שפּעטער־צו אַנט־שוויגן געוואָרן.

אין אַזאַ צייט איז גוט זיך פאַרטראַכטן, אויסציִען זיך אויפן בעטל און חלומען וועגן שטעט. לענדער און פאַר די אויגן זאָלן זיך פאַרבייציִען מיראַזשן, פרעמדע געגנטן, אַזוי ווי די סטעזשקעס אויפן באַרג און סוף־כל־סוף צו אַ לאַנד זיך דער־שלאָגן, אַ לאַנד — וווּ ס'איז דאָ אַ סך זון, מ'ווייס נישט פון קיין קראַנקייט... אים, אַברושן, איז שלעכט — ער איז קראַנק.

אַברוש שפּאַרט אָן דעם קאָפּ אָן קישעלע און אים נעמט אַרום אַזאַ מאָדנער געפיל; אָ, גאָט! ווען ער זאָל געזונט זיין... אין די אויגן פילט אַברוש טרערן. אַליין, פון זיך אַליין זינגט זיך אויס אַ שטילער, אָבער האַרציקער ניגון, אַזעלכער — וואָס קאָן נאָר קומען אויס די טיפענישן פון אַ מענטשנס צעווייטיק־טער נשמה.

---

ער, אַברוש, איז שוין מער נישט איינזאַם. ער האָט אַ האַרציקן פריינט, גאָר אַ נאָענטן — דעם ברוינעם הויף־הונט. אינסטינקטיוו האָבן זיי זיך צעגויפגעבונדן און קאָנען זיך נישט שיידן. אַברוש איז אויפן באַרג, פאַרפלאָנטערט זיך צווישן די צווייגן — דער הונט מיט אים. אַברוש ציט זיך אויס אויף אַ באַנק, דער הונט זעצט זיך צו ביי זיינע פיס און וואַכט אַזוי.

— היט מיך, — רעדט אַברוש צו אים — היט מיך, לאָז מיר נישט קיין שלעכטס טון.

דער הונט קוקט אויף אַברושן מיט קלוגע, אומעטיקע אויגן, ווי ער וואָלט זאָגן:

— כ'פאַרשטיי, כ'וועל דיך היטן...

און אַברוש דריקט אים צו זיך, דעם קאָפּ פון אַלטן ברוינעם הונט טוליעט ער צו זיין ברוסט צו און באַדעקט אים מיטן אויסגעהאָפטענעם רויטן קרייצל.

זיי לאָזן זיך אויף „פאַנג‟. זומער-פייגעלעך כאַפּן זיי הונדערטער בריאומלעך אַזעלכע. און אַברוש כאַפּט איינס נאָך איינס. ווי זיי צאַפּלען זיך! דער הונט באַטראַכט עס און שווייגט. זיי רייסן בלעטלעך, גרעזלעך, שפּרינגען איבער בערג-לעך — דער הונט פאַרויס, אַברוש לאָזט זיך לויפן — דער הונט פאַרפּלעכט זיך ביי זיינע טריט.

ווען אַברוש איז צוריקגעקומען פון באַרג, איז שוין גע-ווען נאָענט צו שקיעה. אויפן זאַל איז געווען שטיל און די זון האָט אַ פאַרמאַטערטע זיך געטאָרעט אויף דער פּאָדלאָגע.

*

אויף פּיאָטראָווסקיס בעטל האָבן זיך אַוועקגעזעצט עטלע-כע חולאים, געפּירט אַ לעבהאַפטן שמועס און געלאַכט אויפן קול.

טאַטאַרענקאָ, וועלכער איז ערשט נישט לאַנג געקומען פון רוסלאַנד און האָט מיט יאָרן צוריק געשריבן לידער, האָט אָפּ-געשטעלט אַברושן מיט אַ קלאַפּ איבער דער פּלייצע:

— קום, ברודערל, נישט גוט אַזויפיל צו טראַכטן, נעם און זעץ דיך דאָ אַנידער.

אַברוש האָט נישט געענטפערט, שווייגנדיק באַטראַכט טאַ-טאַרענקאָן און אַפּאַטיש זיך צוגעזעצט אין רעדל אַריין.

— הע, הע, — באַרימט זיך פּיאָטראָווסקי דער גרענעץ-סטראַזש — וואָלט איך זיך צו זיי דערקריגן, וואָלט אַ רוח אין זייער מאַמען אַריין... וואָס? מורא? וואָס האָב איך שוין מורא צו האָבן?..

— פּאַניע פּיאָטראָווסקי! — כאַפּט זיך אויף דער שאָפער און ווענדט זיך צום אויסגעצערטן גרענעץ-סטראַזש — פּאַראַיאָרן, איר הערט, ס'איז זונטיק און מיר גייען פון קלויסטער, איך גיי אין גאָרטן אַריין און באַקאָן זיך מיט צוויי ווייבלעך — גאָלד! פּרויען פון אַדוואָקאַטן. שוין נאָך דער קוראַציע געווען, און, איר הערט?.. — די אמתע... כאַ—כאַ—כאַ!..

— כע—כע—כע! — לאַכן די איבעריקע.

— פאַניע סטאַניסלאַווע! — זאָגט פּיאָטראָווסקי צום שאָפער — איך בין דאָך אַן ערן־מאַן, נאָר בײַ מיר וואָלטן זיי נישט גלאַטיק אָפּגעשניטן... איך וואָלט אײַנגעפּעדעמט, אַז ס'זאָל זײַן מיט אַ גאַנג אויף דער פרײַ. כ'האָב אַ ווײַב מיט דרײַ קינדער, וועל איך דאָך צום ווײַב נישט קריכן, זי אומגליקלעך מאַכן? פאַרוואָס? —

— אמת, אמת! — מישט זיך אַרײַן יוזעף קאָשוט, דער פּאָטשטײַליאָן פון קייגנאיבער און רײַסט איבער זײַנע יידישע לידלעך, וואָס ער זינגט כמעט אָן אויפהער.

— דאָס קריגל גייט אַזוי לאַנג צום וואַסער ביז ס'אויערל רײַסט זיך אָפּ... — וואַרפט צו אַ הינקעדיקער ליופּוסיינג אין פאַרבײַגאַנג און לאָזט זיך צו דער טיר.

— וויצעק, וויצוש!..

מ'איז צעפּרידן פון וויצעקס ווערטל און תיכּף בײַט מען דעם שמועס פון די ווײַבער אויף דעם מילדן כמעט ליבנסווידיקן און אויסגעצויגענעם שייגעץ, וועלכער אַרבעט אַזוי פלײַסיק אַרום די פּאַדלאָגעס אין די צימערן, אין קאָרידאָר, אויף די טרעפּ... נישט קיין חכם, אָבער אַ ווילע נשמה.

*

אַלע שלאָפן נאָך. ס'איז רויק. ערגעץ גיט אַ סקריפּ אַ טיר. קייגנאיבער אויפן שוואַרצן, נידעריקן דעכל האָט זיך אָנגעשטעלט אַ ווײַסע טויב, זי שפּאַצירט מיט דינינקע פיסעלעך אַראָפּ און אַרויף. אַברוש האָט אַזוי ליב צוקוקן און די אויגן נישט אָפּרײַסן אויף אַ רגע.

דער שאָפער כאַפּט זיך אויף און נעמט זיך תיכּף צו זײַן געוועגלעכער אַרבעט: וויקלט פונאַנדער די באַנדאַזשן פון הענט און פיס און נעמט ציפּן און קראַצן די הויט; אַברוש פילט אַז אים עקלט, כאַטש די גאַל אויסצושפּייען. אָבער זײַן שכן, דער שאָפער, ווייס נישט פון דעם, ער טוט זיך דאָס זײַניקע געלאַסן און אַברושן ווילט זיך אויסשרײַען:

— מנובל!

באַלד וועט זיך אַברוש איינוואַשן און אָנטון זיינע לאַ-קירטע פּאַנטאָפּל מיטן העלן מאַנטל. האַלב אַכט דאַרפן זיך די מיידלעך פאַרזאַמלען אונטערן פענצטער. ער, אַברוש, וויל זיין גרייט, אפשר וועט יענע אין דער שאַסקע קומען. אַך, גאָט, ווי ער בענקט נאָך איר! גראָד זי וואָלט „אַזעלכע" נישט געווען, איבריקנס — וואָס אַרט עס אים אַז זי איז „אַזעלכע"? — אַברוש וואָלט זיך מיט איר צעשמועסט, ער וואָלט איר געזאָגט. ווען ער קאָן דערקלערן, קלאָר מאַכן, אויפווייזן... און אפשר איז זי גאָרנישט שולדיק? פאַראַן אַזוי פיל שלעכטע מענטשן אויף דער וועלט. ווען זי זאָל וויסן וואָס ער טראַכט, ווען זי זאָל וויסן...

ער וואָלט מיט איר אַרויף אויפן באַרג, דאָרט זיך צו-געזעצט און געשמועסט. מעגלעך אַז זי וואָלט אים פון אַ בי-טערן גורל דערציילט. קיינער ווייס דאָך נישט, אַזוי ווייניק פריינט פאַראַן. און דאָרט ווו זי געפינט זיך — גראָבקייט, זנות, שכרות... נישטאָ קיין צאַרטקייט, נישטאָ...

---

מידקייט. אַ בענקשאַפט נעמט אַרום און עסט זיך איין אין די גלידער. אַן אָנזאָג פון אייניקאָניקייט. דאָס שפּאַצירן אָפּט אויפן באַרג האָט אַברושן דערעסן. נישט פאַראַן עפּעס נייעס.

אַ קראַנקער, אַן עלטערער מענטש, האָט זיך היינט צע-וויינט — ר'איז אומגליקלעך.

אַברוש שווייגט.

אַן אומעט דריקט אויף דער נשמה, נישטאָ קיין האָפע-נונגען, אַן אייביק ראַנגלען זיך. כאָטש ווי אַזוי ער, אַברוש, וויל פאַרגעסן, לאָזט עס נישט — ס'שווימט אַליין אַרויף אויפן זכרון. אַברוש איז דאָך יינג, פאַר אים דאַרפן זיך ערשט קוואַלן צעעפענען, אין לעבן זיך פאַרפלעכטן, צעברויזן זיך;

אַברוש האָט נאָך גאָרנישט געגעסן, אויסער — הונגער און מלחמה־צער, ער איז אַ מלחמה־קינד... אויף גאַסן זיך געוואַלגערט.

ס'האָט פאַרביי דער זומער, ס'וועט זיך שניידן אויף האַרבסט, דערנאָך אַ ווינטער — און ווידער אַ יאָר אָפּשטאַרבן אויף אַן אייַזנעם בעטל אין אַ פרעמדן שפּיטאָל. ס'וועט קומען אַ גאָלדענער זומער — אַ וועלט פון פרייד, ערגעץ בליִען לענדער און ס'וואַכן אויף שטעט... מענטשן לאָזן זיך איבער ימים, נאָר ער, אַברוש, דערשטיקט אַלץ אין זיך — זיין בלוט איז קראַנק, זיין בלוט איז קראַנק...

---

אַברוש און טאַטאַרענקאָ זענען אַרויס אין קאָרידאָר, זיי האָבן זיך אָנגעלענט האַרט ביים פענצטער און אינטים זיך צעשמועסט.

— דאָס לעבן איז ביי מיר גאָרנישט ווערט — זאָגט אַברוש און זיינע אויגן קוקן ערגעץ וויַיט, — אייביק אין שפּיטאָל צו זיין, ווי שרעקלעך! פאַראַן דאָ אַן אַכטאָונצוואַנציק יעריקער יינגערמאַן, אַ פּאָריאַטיק, געפונט ער זיך דאָס אַכטאונדרייסיקסטע מאָל אין היַיליקן לאַזאַר. ס'איז נישט אַ זאַך וואָס מ'היילט אויס און ס'פאַרגייט. מ'קאָן נאָר פאַרהיילן, אויף העכסטנס — אַ האַלב יאָר, און שפּעטער — ווידער ס'זעלבע.

אַברוש טרויעט אים אָן פון זיין גורל און מען פאַרטראַכט זיך.

אַ הוילע שטילקייט.

— איר ווייסט — וואַרפט אַברוש צו, ווי פאַר זיך — ס'גייט מיר נאָר אין די עלטערן, אַז נישט, אַז נישט...

אַברוש דערענדיקט נישט, נאָר ביילט פלוצים צענויף אַ פויסט און פאַרקריצט מיט די ציין.

— מיין טײַערער — זאָגט טאַטאַרענקאָ מיט אַ טאָן פון אַ מענטשן וואָס רעזיגנירט פון אַלעמען — האָ, האָ, שוין נישט איינמאָל אויפן שװעל פון טויט געװען, װען כ'האָב גע־דינט... דאָס צינגל פון דער ביקס צום פינגער פון פיס צוגע־שפּאַרט, און — נישט געקאָנט; דאָס האַרץ, פּאַניע, דאָס האַרץ האָט מיך נישט געלאָזט...

— מיט גאַז — פּרוּװט אים אַבּרוש אויפקלערן.

— נישט פאַראַן װוּ — טענהט טאַטאַרענקאָ װי אַ שול־דיקער — נישט איינער אַליין אין אַ שטוב. פאַרװאָס אַנדערע פון דער װעלט אומברענגען? —

— אַזוי, אַזוי — באַשטעטיקט אַבּרוש — װאָלט איך אַ שטוב געהאַט, איינס־צװיי, אַריין אין שענק, פאַרשכורט אַ האַל־בע פּענסיע בראָנפן, אויפגעדרייט דאָס גאַז-רערל און — נישט ליידן מער!

זיי האַקן אָפּ. אינעװייניק איז רויק, בלויז דער שאָפער זינגט „פּאָלסקיע קוויאַטי” און דער געזאַנג ציט זיך אין דרויסן אַרויס. אַבּרוש פילט אַז אַ נעפּל פון אומגליק הילט אים איין און די פיס זיינע װיגן זיך און ברעכן זיך אַראָפּ צו דער ערד.

---

ביי אַבּרושן אויפן לייב זענען די פלעקן װייסער געװאָרן. דער דאָקטאָר זאָגט אַז ס'איז בעסער. אָבער װאָס זאָל ער טון? פרייען זיך?.. — אויף װי לאַנג?

היים און שפּיטאָל, שפּיטאָל און היים — ס'איז אַ שפּיל אָן אַ סוף, װי דאָס ראַנגלען זיך צװישן לעבן און טויט.

היים און שפּיטאָל, שפּיטאָל און היים — — די פלעקן זענען װייסער געװאָרן. װ—יי—ס—ע—ר...

אַבּרוש האָט געברענט די הויט. פאַרקריצט מיט די ציין און געברענט. אפשר — זאָגט ער — אפשר?.. נאָך אַ פּרוּװ, כמעט דער לעצטער און װאָס נאָך דעם? װאָס נאָך דעם?..

אַ גאַנצע נאַכט האָט אַברוש געהאַט אַ ביטערן חלום, אַזוי ווי ס׳וואָלט געוועזן אַן אָנזאָג צו זיין סוף. אַ באַן לויפט, עמעץ פאַלט אַרונטער אונטער די רעדער... און ס׳האַרץ קלאַפּט, וואַרפט זיך אין אימה. אָבער וואָס שרעקט ער זיך? וואָס האָט ער אַזוי מורא?.. אַהאַ, אין שלאָף געדענקט נישט אַברוש אָן דער קראַנקייט, אין שלאָף איז ער דאָך אַ געזונטער, אַזוי ווי אַלע, אַלע געזונטע...

---

אַברוש האָט זיך געלאָזן קאָרטן שטעלן ביים אַלטן פּאָטשטיליאָן און וואָס יענער זאָגט: — אין דער היים אַ קראַנקייט ביי אַן עלטערן שאַטין; ער, אַברוש, וועט דערהאַלטן אַ סך געלט און געזונט ווערן. אַ בלאָנדין וועט ברענגען אַ פריילעכע ידיעה. אַברוש האָט צוויי פריינדינס — אַ בלאָנדינקע און אַ ברונעטקע, טראַכטן וועגן אים און ווילן אים העלפן... און נאָך, נאָך האָט דער פּאָטשטיליאָן פאָרויסגעזאָגט.

אַברוש הערט זיך צו מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. אמת, אים דאַכט זיך, אַז אַלץ איז אמת — אָבער, ווער? ווער קאָן עס זיין? —

געלט?.. אַברוש דאַרף דערהאַלטן געלט? — מעגלעך! אָבער זיין קראַנקייט — ער וועט געזונט ווערן? ער?.. געזונט ווערן?.. — — —

---

אַ פּייערל פון האָפענונג האָט אויפגעפלאַמט. מ׳דאַרף פאַרטרייבן די בייזע מחשבות, ענערגיע קאָן אַלץ אויפטון — כל־זמן ס׳איז צייט. די קאָרטן האָבן דאָך פאָרויסגעזאָגט און ער איז יינג; אַך, ווי ער, אַ בוט, גאַרט געזונט צו זיין... אַברוש ווייס, ערגעץ וואַרט אויף אים אַ פרוי, אַ ליבע און מילדע פרוי, אַ הויז — און ער וואָלט געקאָנט זיין ליד אָפּזינגען, שטיל־שטיל און האַרציק...

אַברוש בּענקט נאָך צאַרטע פינגער. און אפשר דערפאַר וואָס ער איז פאַרמשפּט אַ נזיר צו זיין — ציען זיך זיינע פעדעם פון דער טיפסטער טיפעניש, ערגעץ, ערגעץ... אַ רב׳ס אַ טאָכטער?.. — ניין — די שטיפערקע?.. אַ שטיפערקע — פּע-כע! געדענקט אים? און צוליב איר האָט ער דאָך געליטן, אַ סך און לאַנג, — — ווי ס׳דערמאָנט זיך, טויכט אויף און קרייזט אַזוי ווי לעבעדיק פאַר די אויגן פאַרביי.

*

אַליין חדושט ער זיך אַברוש, ווי אַזוי ער האָט געקאָנט מיט זיין נערוועזער נאַטור זיך צוגעוווינען צו דערדאָזיקער פאַרגליווערטקייט. דאָס לעבן דאָ איז ווי אַ שטייעדיק וואַסער, וואַרפט מען אַריין אַ שטיין, רירט עס אויף, רעדער קרייזן זיך, קרייזן זיך און באַלד בלייבט עס אומבאַוועגלעך ווי פריער.

ס׳בענקט זיך נאָכן דרויסן. אַ קאַפּעטשקע פרייער אָפּ-אָטעמען, מאַכן אַ שפּאַן ווייטער ווי אין די גרענעצן פון פאַרמאַכטע פיר ווענט. זען נייע פּנימער, הערן אַ פריש וואָרט, געפינעַט מיט די באַנדאַזשירטע קעפּ, נעזער און דעם שאַרפן ריח פון קרייטעכצער.

שטעלסט דעם פוס אויף דער פּאָדלאָגע — שטיל. פרעמד געוואָרן דער אייגענער טריט, די באַוועגונג פון אייגענע גלידער. הייבסט זיך אויף, באַטאַפּסט דעם קערפּער, גלעטסט איבער די וווּנדן און פאַרטראַכטסט זיך. כאַפּסט אַ קוק אין שפּיגעלע, דערשרעקסט זיך: דאָס פּנים געענדערט, דאַכט זיך אַז ס׳איז נישט דאָס זעלבע גלאַט-ראַזירטע פּנים; אַ טונקל-בלאָנד בערדל אויסגעשיטט זיך און אין די זייטן — טונקל-בלאָנדע האָר, די אויגן טיף אַריינגעפאַלן און אַרום נאָז — העלע, רויטע פלעקן. ס׳גלייבט זיך נישט, רירסטו אָן מיט די פינגער, פילסט אַ הויל-געגאָלטן קאָפּ, נישטאָ די טשופּרינע, נישטאָ — —

וואַרפסט זיך אַנידער אויפן בעט, די בליקן גראָבסטו איין אין צלם און קוקסט, קוקסט אַזוי ביז ס׳ווערט מיאוס, ציסטו

אַריבער די קאָלדרע איבער זיך און דערשטיקסט דעם אָטעם. פּלוצים: דו הערסט אָנרופן דיין נאָמען, ניין! ס'קאָן נישט זיין, ביזט איינער אין דער פרעמד, טאָ ווער קאָן עס רופן? — דער טאַטע נישט, די מאַמע אויך נישט, חברים האָבן פאַרגעסן; אָבער יאָ, דייטלעך סילאַבירט מען אויס זיין נאָמען, אַברוש שפּרינגט אויף: —

— טאַק יעסט!

אויף דער שוועל באַווייזט זיך דער טטרוזש. אַהאַ, ס'האָט זיך פאַרט ווער דערמאָנט, פאָרט.

אַברוש איז פרייליעכער. אויפן טישל ביי אים געפונען זיך צוויי פרישע ברייטלעך, גלאַטע, וואַרעמע, זיינע אייגענע; וויל ער — מעג ער עסן, וויל ער — קוקט ער אַזוי און האָט הנאה, ער מעג טון וואָס ער וויל. צו דעם — אַ האַלב פונט פּוטער און אַ פּעקל צוקער. ווער קאָן איצטער זיין זיינס גלייכן? — ער איז אָפּגעצוימט אַזוי ווי אין תפיסה און חלושט אַ ביסן. אַזאַ זעטיקייט איצט!

---

זוניק. אַברוש האָט פאַרלייגט זיינע ברילן און זיך געלאָזן אויפן באַרג. שוין לאַנג נאָכן לעצטן שפּאַציר און אַליין באַנעמט ער מיט דער זעלבער נייגיריקייט.

ער איז ווידער אַליין, איינער מיט זיך. און אפשר מיט אים — גאָט.

די אייגענע געפילן זענען ביי אַברושן אַרויסגערופן געוואָרן מיט זעקס, זיבן יאָר צוריק; אַלס דרייצן-פירצן יאָריק יינגל, ווען ער איז נאָך געווען ביים טאַטען אין שטעטל, אין ווייסן שטעטעלע, אין זוניקן. אין אַזעלכע ליכטיקע טעג פלעגט ער זיך אויסציען אויפן גראָז נעבן דער אָזערע, קוקן אין הימל אַריין און קלערן:

— „ווען ער קאָן אַוועק אין דער גרויסער שטאָט? דאָ

איז אַזוי שטיל. פאַראַן ערגעץ אַ וועלט, אַ פאַרביקע און רוישיקע״...

איצט האָט שוין אַברוש אַ האַלבן וועג דעם אויסגע־חלומטן אַדורכגעמאַכט, די שטאָט האָט אים איינגעמידט. אַלץ איז אייזערנער קלאַנג, שטאָליק און קאַלט, אַפילו זיינע פריינט.

און די אָפטע וואַנדערונגען אויף גאַסן? הונגער? און דאָס בענקען נאָך אַ קאַפּעטשקע שלאָף... טראַמוויין־גרילץ און דער געררויש פון אויטאָס; דער אָנטער געמיש פון געלעכטער מיט געוויין, דחקות און רייכטום — אַ־אַ־אַ — שטאָט!

*

פאַרנ׳ כ״ג.

אומעטיק. שפּאַצירסט אַרויף, אַראָפּ, כאַפּסט אַ בליק אויפן זייגער. טיק־טאַק, טיק־טאַק! דער קאָפּ איז שווער. לאָזסט אים אַראָפּ אויף דער ברוסט, פאַרטראַכסט זיך, נעמסט אַרויס אַ בריוו — לייענסט. אַ חולא באַווייזט זיך, באָרגט די קאָרטן, אַ סקריפּ מיט דער טיר, שאַ... פאַרייכערסט אַ פּאַפּיעראָס, נישט צוליב בויטוועגדיקייט, נאָר אַזוי, פאַרגעסן זיך, קוקן אויבן פייערל און אויף די קנוילעכלעך בלאָען רויך; שפּעטער דערלאַנגסטו די פּאַפּיעראָס אַ צווייטן, פון צווייטן — אַ דריטן, אַ פירטן, אַ פינפטן... עפּעס מאָדנע דאָס בילד. אַליין שמייכלסטו. דאַכט זיך, זעלטן ווען פאַלט איין אַ קוק צו טון אויפן לעבן אין אַזאַ באַ־זונדער ווינקל. פאַראַן מיליאָנען מענטשן, וועלכע קאָנען נישט אָט דאָסדאָזיקע לעבן. ווי זיי וואָלטן זיך געחדושט. ווער ווייסט זיך דערמאָנען אין רויש פון שטאָט, אין ליכטיקער שטוב ביי פאַמיליע אָדער אין געזעלשאַפט?

דערפאַר ציילט אַברוש די שעהן. ברררר... אַרויס פון דאַ־נען. יעדער מינוט, יעדער רגע — אַ יאָר!

אָט דאַרף זיך די טיר עפענען, אַרויסקריגן זיך אויף יענער זייט — פיו! ס׳איז מיאוס, ווי אַלץ עקלט דאָ.

אַברוש טראַכט שוין פון ׳רויסן, אָהאָ, אַ סך אַרבעט פאַראַן.

— וועל איך זיך פאַרמעסטן!

היים, שטאָט און אויסלאַנד. אַ געמיש פון פאַרשידענע פאַרבן. אברוש הערט שוין דעם אָטעם פון לעבן. ווי ס׳וועט פאַרגעסן ווערן. ער אַליין וועט פאַרגעסן. די מאַמע וועט צו־גרייטן אַן אָנבייסן, אַ מיטיק, באַמיען זיך אַלץ זאָל זיין פינקטלעך. אָט אַזוי ווי דאַמאָלס — ווען אַברוש איז אין דער־היים געווען:

— ווער איז?

— איך. עפנט!

און זיינע מיידלעך? אויפן שפּאַסיי אַרויסשפּאַצירן — שוין, ס׳דערנענטערט זיך... נאַסערמאַטר! נאָך אַ מינוט, נאָך אַ רגע...

— היי, יאַשעק, דערלאַנג נאָר אַ צי טון פון דער פּייקע!

---

עטלעכע שעה איז אַברוש געשלאָפן. אַ גאַנצע נאַכט זענען אַלע אויפגעווען און געגאַנגען אויף „געיעג”... די וואַנצן האָבן דערפילט נייע געסט און זיך געלאָזן אויף אַ „קבלת־פנים.” כמעט דער גאַנצער צימער האָט זיך געביטן. אַברוש האָט זיך פאַרזיכערט און אַרומגערינגלט מיט אַן עיגול פון דזשעגעכץ, זענען זיי זיך צעלאָפן ווי טויזנט טייוולאָנים. דזשעגעכץ האָבן זיי פיינט ווי דעם טויט.

ס׳איז היימלעך און אַברוש פאַרברענגט דאָ די לעצטע שעהן. כליאַפ! ווי ער וועט זיך דאָס אַ באָד־טון. ער איז דאָך שוואַרץ ווי אַ טאָטער. ווי לאַנג האָט ער, אַברוש, זיך שוין נישט איינגעוואַשן?.. דער מענטש פאַרלירט דאָ דעם צלם אלוקים.

---

ניין. אַברוש איז ווידער פאַרבליבן. אַזוי ווי אַ שלאַנג גנבעט זיך די פאַרצווייפלונג אין האַרצן אַריין, אין קאָפּ קריכן בליי־דע מחשבות — אָ, גאָט מיינער, גאָט! — —

ער איז דאָך שוין מיד, אָנמעכטיק; אַלע גלידער ווייטיקן אין אים — אַברוש האָט געמיינט אַז ער וועט זיך באַפרייען, נאָר די קראַנקייט לאָזט נישט, זי לויערט און היט אים אויף שריט און טריט.

— זאָל מען אים געבן יאָרן תפיסה, פאַרשיקן אין ווייטע געגנטן — נאָר ער זאָל געזונט זיין. ווי זיין גוף איז צעפרעסן! קינדווייז האָט ער אַזאַ ווייס לייב געהאַט, אַ גלאַטע און זיידענע הויט...

---

דער היינטיקער טאָג איז פאַר אַברושן אַ יום־טוב. זיין פריינט העברי איז געקומען אויף אַ זעונג — אַזוי פּלוצים און אומדערוואַרט. אַברוש האָט נישט געגלויבט דיינע אויגן — אָפּט האָט ער ענלעכע חלומות. ער איז אויפגעשפּרונגען און אַנטקייגנגעלאָפן מיט פרייד. קיינער האָט דאָך נישט געוווּסט אַז ער, אַברוש, געפינט זיך אין שפּיטאָל.

זיי האָבן שפּאַצירט, גערעדט. אַרויף אויפן באַרג און צוגעזעצט זיך. ווי גוט איז אומגעריכט באַגעגענען אַ נאָענטן באַקאַנטן — אָט, אָט, און אַברוש וואָלט זיך צעוויינט. די איינזאַמקייט פּייניקט. עטוואָס צעשטרייעט מען זיך, ווידער נייעס, גרוסן. ווי שווער איז צו זיין אָפּגעריסן פון דער אַרומיקער וועלט — ווען הינטער דיר שוימט דאָס לעבן, קאָכט און ברויזט. אין דיינע אָדערן טריפט ייִנג בלוט, און שרייט צו דער שטאָט.

אַברוש באַזאָרגט אַרויס אַ בריוו אַ היים און אַ בריוו צו זיין שוואַרציבקער אין שטעטעלע — ער האָט זיך פאַרבענקט. קיינמאָל האָט ער וועגן איר נישט געטראַכט, נאָר בעת ער האָט געוואָרפן קאָרטן, איז זי מיטאַמאָל אַרויפגעשווומען. דורך דער צייט האָט זיך אַברוש גוט די מלאכה אויסגעלערנט, אַלע אין דער פרי אָדער אויפדערנאַכט וואַרפט ער אויס קאָרטן — וואָס מער ער זוכט אין זיי, אַלץ מער

פאַרלירט ער דעם צוטרוי. דאָך האָט ער ליב צוקוקן, אַזוי ווי ער וואָלט דאָרט אַ סוד אַנטפּלעקט.

נאָכדעם ווי די זעונג האָט זיך געענדיקט, האָט אַברוש באַגלייט העניען צום הילצערנעם גאַניקל. זיי האָבן זיך געזעגנט, שטיל אָנגעקוקט זיך און געשוויגן.

— העני, זאָג זיי אַז אַברוש לעבט, ער וועט נאָך קומען! — האָט אַברוש צום סוף נאָכגעשריגן זיין פריינט. ער האָט אין באַדויערן געשאָקלט מיטן קאָפּ, זיך אויפגעהויבן העכער און פאַרשוואונדן אין טונקעלן קאָרידאָר, אַזוי ווי אין אַ הייל.

---

די לופט אין פריש. עטוואָס קיל — אומעטום זענען די פענצטער צעעפנט. אַ צייטלאַנג איז געגאַנגען אַ שלאַקס-רעגן, אויסגעמישט מיט שאַרפע דונערן. אַברוש געפונט זיך אין דער גלעזערנער אַלטאַנע, איינגעהילט אין לייכטע פּיאָלעט-וואָלקן — בלויז דאָס גליעדיקע פייערל פון דער פּאַפּיראָס קאָן מען זען און ווייטער גאָרנישט. פון דער הייך, דורך אַ פענצטער, ווו ס׳חווינט אַ שפּטאָל-באַאַמטער, רייסט זיך אַרויס אַ רויט ליכט, אין וועלכן אַ שלאַנקע בלאָנדינקע צעקאַמט אירע האָר. זי איילט אוודאי אויף שפּאַציר. אַברושן דערמאָנט עס אָן דער שטאָט — נאַכט... גאַסן... טראַמווייען... טעאַטערן... ווילדער גערויש, אָפּהילך פון פערדישע טריט און דעם ייִנגלס צעצויגן רופן:

— טע—לע—גראַ—ם!..

*

אַברוש איז אויפן באַרג. דער לעצטער שפּאַציר. אויבנאָן שפּאַנען אַרום פּאַרטיעסווייז די וועגעריקן און קרייזן זיך אויף די סטעזשקעס ווי אַ קאַרוסעלע. פון הויף דערטראָגט זיך אַהער אַ דערוואַכטער גערויש, ערגעץ עפנט אָן אַנטבלויזטע פרדיען-האַנט דעם לופטשיק. פון דער „וסטזשעקלער” גע-

ביידע הערט זיך אַ ברומען, אַזוי ווי פון אַן איינגעמאַטערטן הונט.

אַברוש פאַרנעמט זיך העכער אַרויף. אַ קליינגעדיקע „מאַרסעליעזע" הילכט אָפּ — דאָס האָבן זיך די סיפיליטיקער צעזונגען אויפן שפּאַציר; אַברוש האַלט אונטער, זייערע קולות באַגעגענען זיך און פלעכטן זיך צענויף. אויף דער לעצטער סטעזשקע טרעפן זיי זיך. מ'באַגריסט זיך און יעדער קערט אין זיין ריכטונג. אַלץ גייט אַזוי נאָרמאַל, אַזוי ווי ספּעציעל דרעסירט פון אַ געניטער האַנט.

ס'איז עטוואָס קאַלטלעך, — מ'פילט ערשטע סמנים פון אָנקומענדיקן האַרבסט.

אַברושן בינדט שוין נישט מיט גאָרנישט. אים רופט ד' שטאָט. וואָס מער ס'דערנענטערט זיך די באַפרייונג — אַלץ אומרויקער און אומגעדולדיקער ווערט ער.

די לעצטע שעהן אין הייליקן לאַזאַר.

ביי די קאָרטן האָט שוין אַברוש גאָרנישט וואָס צו טון, אַלץ זיך דערוווסט. ווי דער זייגער איז רויק, הענגט פויל אויף דער וואַנט און קלאַפּט צעצויגן: טיק-טאַק, טיק-טאַק אַברוש קאָן נישט הערן. ס'בלוט האָט זיך הייס צעלאָזן אין די אָדערן, אַזוי לאַנג פאַרשפּאַרט געווען —

— שטאָט!..

און ער מורמלט פיבערהאַפט:

— טויזנט הימנען וועל איך פאַר דיר אויסזינגען, שטאָט.. ווי איך האָב ליב דיינע גאַסן, . אַפילו די אומצייליקע הונגערטעג וואָס איך האָב פאַברענגט אויף זיי... שטאָט — מיין קינדערישער חלום...

זאָלן שפּיגלען קאָליאָרן... זאָלן לייכטן עלעקטרישע פייערן... אָרקעסטער... גערטנער... דאָס איז דאָך דאָס לעבן! אַ—אַ—אַ, וואָס גיכער, גיכער אין קאַראַהאָד זיך פאַרפלעכטן — — —

אָ, ווי שרעקלעך איז צו שטאַרבן אַזוי לאַנגזאַם, ווי פּיינלעך אַזאַ טויט...

*

אויף די פענצטער האָבן זיך פאַרקליבן צוויי ווייסע טויבן און פּיקן מיט געלע שנעבעלעך אין די גראָע שייבן. עפּעס אַ גוטער אָנזאָג — אַ גרוס.

אַברוש דערמאָנט זיך וואָס די קאָרטן האָבן דאָס לעצטע מאָל געזאָגט: געשטערט דורך אַ יינגער שאַטינקע, וועט ער קיינמאָל נישט קאָנען פירן אַ שטיל, רויק לעבן; צוליב זיין קראַנקייט וועט ער אַדורכמאַכן אָפטע רייזעס. ער וועט זיך וואַלגערן איבער שפּיטאָלן... און אַברושן טוט ווי — תמיד אַ הפקר־יינג, אַ נע־ונדניק, אָן אַ היים, אָן אַן אייגן ווינקל און אָן אַ האַרציקער פרוי.

און אַברוש זעט פאַר זיך אַזאַ בילד:

— — אַ רויקער האַפן, אַ ים. אַן איינזאַמער יינגערמאַן קוקט אין דער ווייטקייט און טראַכט. אַ שיף דאַרף נאָר וואָס אָנקומען און אים איבערפירן אין אַ צווייטן לאַנד. ער איז מיד און עלנט. אַלע האָפענונגען פאַרלוירן. די יוגנט זיינע האָט ער אַוועקגעגעבן אויף ברודיקע בעטלעך אין פרעמדע שפּי־טאָלן, איצט פאָרט ער זוכן רו — —

תמיד איז ער דעריבער אַ שווייגנדיקער, קיינער קאָן אים נישט און יעדער גייט אים נישטבאַמערקטערהייט פאַרביי; נאָר אין טיפעניש, אויפן גרונט פון זיין נשמה ברויזט עס, ברענט אַ העליש פייער און קיינער זעט נישט, אַזוי ווי מ׳זעט נישט די גליעדיקע לאַווע אינם בוזעם פון זודיקן ווולקאַן.

און אַברושן באַפאַלט אַן אומעט, ס׳שרעקן אים די טעג פון יענעם יינגנמאַן, אויפן האַפן — דער זעלבער אייביקער נע־ונדניק, מיטן נישטאויסגעלאָשענעם פלאַם אינם האַרצן.

*

ענדלעך!

אין זיינע אייגענע בגדים שפּאַצירט אַברוש אויפן באַרג. פון אַלע זייטן באַגעגענען אים קראַנקע און באַגריסן אים. באַלד וועט ער דערליידיקן אין קאַנצעלאַריע און זיך לאָזן אין שטאָט אַריין.

אַברוש שטייט נעבן די דראָטן און קוקט דורך די פּאַר־צוימונגען אין דער ווייטקייט. רויק. צעפּיסנס דעם באַרג ליגט די קאַזאַרמע. אַלץ איז ווי אָפּגעשטאָרבן. אַברוש פילט זיך פרעמד, הגם נישט איינמאָל וועט ער זיך נאָך דאָ אומקערן. אויפן גיף איז די קראַנקייט אין דער גאַנצער שאַרפקייט, נאָר ער האָט מער נישט געקאָנט פאַרטראָגן די איינזאַמקייט און זיך אויסגעשריבן. ער איז אין ערשטן הויף, קיינער שטערט אים נישט. ער איז צעפרידן, אָט־אָט און ער וועט זיין אויף יענער זייט. גאַס נאָך גאַס, אַך — די מענטשן וואָס געפונען זיך אויף דער פריי, פילן נישט וואָס דאָס הייסט, פּלוצים אַרויס ווי פון תּפיסה. אַברוש ווייס נישט וויו פריער. מויערן... טראַמווייען... הייזער... און אַלץ אָטעמט מיט לעבן, אַלץ רופט און שפּרודלט, ווי ברויזיקע וועלן אין אַן אויפגערירטן ים...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

שפּיטאָל היילִיקער לאַזאַר. צימער 2 №. אַ ליידיק בעטל אויבנאָן, נעבן צלם. עפּעס זאָגט עס — ווער האָט דאָ פּאַר־ברענגט? ווי לאַנג און צוליב וואָס? עמעץ האָט זיך געראַנגלט... אַנדערע וועלן קומען, אַ צווייטער, אַ דריטער, בייטן זיך און דאָס ליד וועט זיך ווייטער וועבן.

— — אויף דער נאַכט, די פענצטער זענען צעעפנט, פון ערגעץ דערטראָגט זיך מוזיק צענויפגעמישט מיטן אָוונט־געבעט...

אַ קראַנקער האָט זיך פאַרבענקט אין וואַלענער פאַר־בעפּלטקייט און מורמלט:

— אַך, שטאָט, שטאָט!..

1923

# אײביק פֿאַרמשפּטע

— איר קאָנט זיך אַרײַנציען! — האָט די װירטין זיך אָנגערופֿן צו אַלעקסאַנדערן, נאָכדעם װי זי איז אַרײַן אין זאַל פֿון די הויט־קראַנקע און מיט אַ קלאַפּ פֿאַרמאַכט הינטער זיך די טיר.

— אַלץ פֿאַרטיק? — האָט אַלעקסאַנדער אָפּגעריסן די בליקן פֿון פֿענצטער און אויפֿגעהערט קוקן דורך די קראַטן אין דער ריכטונג, פֿון װאַנען זײַן ברודער האָט באַדאַרפֿן אָנקומען מיט אַ װאַלוװקע.

— פֿאַרטיק!

אַלעקסאַנדער האָט זיך העפֿלעך פֿאַרנייגט און אַרויס מיט דער בעל־הביתטע אין קאָרידאָר.

זיי זענען ביידע אַרויף אויפֿן ערשטן שטאָק, װוּ ס'איז פֿאַר אַלעקסאַנדערן ספּעציעל גרייט געמאַכט געװאָרן אַ צימער. די בעל־הביתטע, אַ קײַלעכדיקע שאַטינקע פֿון אַ יאָר אַכט־אונצװאָנציק, איז געגאַנגען פֿאָרויס און עטװאָס הינטער איר — אַלעקסאַנדער; נישט װילנדיק האָט ער געשלינגען אירע באַװעגונגען, אַזוי װי ער װאָלט געשלינגען איר װײַבערש־שװער־לעכן גוף.

צײַטנװײַז פֿלעגט צו איר קומען דאָס עלצטע קינד, אַ מיידעלע פֿון אַ יאָר פֿיר, דאָס געדיכטע קעפּל בלאָנדע הער־לעך האָט געלויכטן, אַזוי װי לויטערער גאָלד און אינם קורצן,

אָפּגעטאָקטן נעזל, האָט מען געקאָנט דערקאָנען אַ בולטן שטריך פון דער מאַמען.

אמת-געזאָגט, האָט אַלעקסאַנדער נישט געקאָנט זיך פאַר־גינען קוקן אין דער זייט, ווו דאָס קינד האָט זיך געשפּילט און געמאַכט נאַרישע — ביז צום לאַכן — הועיותלעך, די מוטער פלעגט עס כמעט נישט באַמערקן, נאָר זיין פאַרהאָרע־וועט אַרום די קראַנקע. אים פלעגט אַרומכאַפּן אַ טיפער או־מעט, אַזאַ אומעט, וועלכער גייט תיכף איבער אין אַ שטילן יאוש.

איינמאָל, אין אַן ענלעכן פאַל, אַז זי האָט זיך אָפּגע־פאַרטיקט מיטן מיטיק ביי די קראַנקע, איז זי צו צום קינד, אַזוי ווי זי וואָלט עס ערשט נעבן זיך דערזען; אַרויפגעשטעלט עס אויף אַ בענקל און געגומען טרײ, זאָרגפעלטיק איינהילן, וייל אין דרויסן איז גראָד געשטאַנען אַן אייזערנער פראָסט. אַלעקסאַנדער איז פאַרביי עטלעכע מאָל און פלוצים אַ וואָרף געטון:

— ליאַליוש!

דאָס קינד האָט אויפגעהויבן אויף אים די אייגעלעך און באַלד זיי צוריק אַראָפּגעלאָזן אויף אַ פּראַנדז פון ווייסן שאַל.

אין דער זעלבער רגע האָט זיך אַלעקסאַנדער באַגעגנט מיט די בליקן פון דער מוטער, וועלכע איז שטאַרק רויט גע־וואָרן און באַקומען אַרויסגעזעצטע פלאַמען איבערן גאַנצן פנים.

אַלעקסאַנדער מיט דער ווירטין זענען אַריין אין צימער. די ווענט זענען כמעט ווי ליידיק, מער ווי אַ בעט, אויף אים אַ פאַרביקער מאַטראַץ, אַ טישל און אַ שענקל געפונט זיך נישט. די שטיינערנע פּאָדלאָגע איז ברודיק און ס׳פילט זיך דער דראַנג נאָך אַ לעבעדיק באַשעפעניש, וואָס זאָל אַלץ אויפרישן און צוגעבן אַן אַנדערן אויסזען. די פענצטער זע־נען דאָס ערשטע מאָל צעעפנט געוואָרן נאָך אַ שטעכיקן און איינגעשפּאַרטן ווינטער; הינטער דער וואַנט ליגט אַ קליינער גאָרטן נאָך איינגעדעקט אין ווייסן, נישט לאַנג ווי די ביימער

האָבן פון זיך אַראָפּגעוואָרפן דעם שווערן שניי-דעק און אַרויס־געוויזן דאָס נאַקעטע לייב זייערס — די טונקעלע, ערטערווייז אָפּגעקרישלטע קאָרע. צוליב דער געדיכטקייט פון די גאָלע, שונאַנדערגעלאָזענע צווייגן, באַשאַפט זיך אַ מין נעץ אין דער לופט, וואָס גיט צו אַ באַזונדערע שיינקייט און מאַכט שווינד־לען דאָס אויג. דער גאָרטן איז אַרומגעצוימט מיט אַ דריי־קאַנטיקן פּאַרקאַן פון רויטע ציגל, וואָס זענען פון אַלטקייט כּמעט שוואַרץ געוואָרן. אויף אַלעם לאָזט זיך אַראָפּ אַ ליכ־טיקע, די פאַר-פרילינג־זון.

דאַכט זיך, אַז איצט ערשט באַמערקט אַלעקסאַנדער אַלץ אַרום זיך. ער שטייט ביים פענצטער און קאָן נישט אָפּרייסן דעם בליק אויף אַ רגע. ער האָט נישט געזען דעם היינטיקן ווינטער, ווייל דער ווינטער איז אים פאַרשוווּנדן אין די שפּי־טאָלן. פון די קרייטעכצער איז אים געוואָרן ענג אין האַלדז און ער אָטעמט וואָס מער פרישע לופט, אַזוי ווי אַ תּפיסה־ניק, וועלכן מ׳האָט מיט אַמאָל אַרויסגעלאָזן אויף דער פריי.

די בעל־הביתטע איז אַרויס. אַ לאַנגע צייט האָבן זיינע בליקן איר נאָכגעשפּיזט און אַז זי איז אַנטרונען, האָט זיך דער מוח זיינער פּלוצים ווי אָפּגעשטעלט און פאַרטראַכט. ער האָט פאַרגעסן, אַלעקסאַנדער, אַז ער איז אַ קראַנקער, אַ נישט־אויסהיילבאַר-קראַנקער, מיט אַ צעפרעסענעם גוף, צו וועמען ס׳דאַרף אָננעמען אַן עקל נאָנט זיך צוצורירן. אין אים איז אַלץ אויפגעקאָכט געוואָרן און ער האָט גענומען שפּאַנען אַהין און צוריק איבערן צימערל, זיך אָפּגעשטעלט נעבן עפּעס אַ פלעקל אויף דער וואַנט, געקלערט־געקלערט און ווייטער גענומען שפּאַנען מיט אַ שטאַרקערן אימפּעט און כּעס אויף זיך אַליין.

באַלד האָט זיך אַלעקסאַנדער אַ כאַפּ געטון פאַר דער אַרבעט. איינס-צוויי און זיין קאַבינעט האָט באַקומען אַן אַנ־דער פּנים: דאָס בעט קלאָר איבערגעצויגן, דאָס טישעלע

אַריבערגעוואָרפן מיט אַ ווייסן טישטוך, אויף אים ביכער, אַ העפט — חוץ קלייניקייטן.

עטלעכע קראַנקע זענען געקומען באַזוכן אַלעקסאַנדערן און פאַרפירט אַ שמועס. שפּעטער איז אַריין דעם וועכטערס זיבן־יאָריקע מיידעלע, געזעצט זיך מיט פאַרלייגטע הענטלעך אויף דער שטול און געפּלאַפּלט

פון אונטן־אַרויף האָבן זיך געטראָגן אָפּגעהאַקטע קולות און דורך דער רעכטער וואַנט — דער גערויש פון די וועגעריקן.

---

דער קאָרידאָר ווערט באַלעבט. איינציקווייז זעט מען דורך דער שייבנטיר אַנדערע פאַרביישפּאַצירן, שטעלן זיך מאָמענטאַל אָפּ, כאַפּן אַ בליק אַריין און פאַרשווינדן אין דער זעלבער רגע. אַלעקסאַנדער פילט זיך באַקוועם, ער לאָזט זיך צום שענקל און באַטראַכט די אויסגעסדרטע זאַכן. עמעץ קומט אַריין און ברענגט אַריין צייטונגען. אַלעקסאַנדער פאַרייכערט אַ פּאַפּיראָס און אין שטאָלענער פאַרגליווערטקייט שטייט ער מיטן אויסגעברענטן מונדשטיק צווישן די פינגער. אין דרויסן איז אַראָפּגעפאַלן אַ שוואַכער שניי, איינער פון די סוף־ווינטערדיקע שנייען, וואָס פאַלנדיק צו דער ערד — שטאַרבט ער אָפּ.

דער אָרדינאַטאָר באַווייזט זיך:

— נו, וואָס הערט זיך מיט געזונט?

אַלעקסאַנדער שפּרינגט אויף און איילט אַנטקייגן מיט גיכע טריט.

— אַזוי זיך, הער דאָקטאָר!

די טיר פאַרמאַכט זיך.

אַווײלע בלייבט אַלעקסאַנדער זיצן אומבאַוועגלעך, אַזוי ווי ער וואָלט זיך אָן עפּעס דערמאָנט. נאָכדעם כאַפּט ער דאָס שפּיגעלע און קוקט זיך פלייסיק איין. דאָס פּנים איז שוואַרץ ווי ערד, די אויגן מיט בלאָ־רויטע אונטערשלאַגן און

אין די זייטן — אַ טונקל־אַרויסגעשיטע באָרד, וואָס גיט צו אַ נאַרישן אויסזען. אַלעקסאַנדער וואַרפט אַרויף אויף זיך דעם קאַפּעליוש און לויפט צום שפּיטאָל־פריזיער. אין קאָרי־דאָר באַגעגענען אים די „מיידלעך" וואָס וואַרטן אויף זייער ריי בעת דער וויזיט, זיי פּאַרטשעפּען אים און לאַכן אויפן הויכן קול.

אין דער צייט ווען די דאָקטוירים דאַרפן אָנקומען, טראָגט זיך איבער דער אָפּטיילונג אַ נערוועזער פיבער, אַזוי ווי ס'וואָלט מיט אַמאָל יעדן ענג געוואָרן — פון דעם קאָן מען דערקענען די שטימונג פון אָרדינאַטאָר.

מ'סאָרטירט, מ'רופט נעמען... ווייסע שירצן איילן פון איין טיר אין דער אַנדערער, מ'האַלט פאַרשידענע גלעזלעך, פלעש־לעך און דרעטלעך. באַלד וואַקסט אויס אין איין זייט אַ שורה מענער און פון דער אַנדערער זייט — אַ שורה פרויען. אַ גאַנצן טאָג זענען די מענער פון די פרויען אָפּגעזונדערט, חוץ בעת דער וויזיט — רעדט מען זיך בגנבה פונאַנדער. אויף דער שוועל פון אַדורכגאַנג ווייזט זיך אַ באַקאַנט פּנים פון אַ „מיידל", זי דערלאַנגט אַ ווינק, אויף דעם באַקומט זי אַלס ענטפער אַ ווינק פון עמעצן צווישן די מענער אַרויס. זי איז האַלב אַנטבלויזט, מיט אַ ברייטן, אָפענעם דעקאָלט און רויטע, נאַקעטע פיס. אויפן קאָפּ ביי איר איז אַרויפגע־זעצט אַ טיך, ווייס טיכל, פון וועלכן ס'קוקט אַפער אַ פראָס־טע, יידישע נאָז און געזונטע אויסגעפּאַשעטע באַקן. אין מוח פליט אַ דורך אַ געדאַנק: דאַכט זיך — ערגעץ באַגעגנט, שאַ — און אפשר ביי איר גאָר געווען?..

שוין עטלעכע טעג ווי אַלעקסאַנדער זוכט אַ געלעגנהייט צו פאַרפירן אַ שמועס מיט איינע פון די „מיידלעך". בעת דער וויזיט איז עס אומעגלעך, אַ מינוט רוט נישט מיט דער טיר אין דאָקטאָרסקן קאַבינעט, פּראַקטיקאַנטן און יינגע דאָק־

טוירימלעך פליען אַהין און צוריק, און — גיי, שטעל זיך דאַמאָלס אַוועק טענהן.

פאַראַן צוויי יינגע פרויען, איינע מיט אַ דערוואַקסנס, די אַנדערע מיט אַ זייגעדיק קינד אויף דער האַנט. דער גורל פון דידאָזיקע אומגליקלעכע, דאָך הערלעכע פרויען, צווינגט אַלעקסאַנדערן אָפּט צוטראַכטן און קוקן אין יענער זייט, דאָרט, ווו אַ פאַרשלאָסענע טיר טיילט זיי פונאַנדער. וויפל אַלעקסאַנ־דער זאָל זיך נישט פרעגן, קאָן ער דאָך גאָרנישט געוואָר ווערן.

יעדערס מאָל, בעת אַ וויזיט, גייט אַלעקסאַנדער אַרום ווי אַן אָפּגעבריטער — ער האָט באַמערקט ווי דער דאָקטאָר האָט איינע באַליידיקט, דערפאַר וואָס ס׳קינד ביי איר האָט זיך צעוויינט. אים האָט עס אַ שטאָך געטון און ער האָט זיך געפילט, אַזוי ווי אַ משוגענער הונט אויף דער קייט...

---

אויף דער באַנק אין קאָרידאָר זיצט ליובע. זי געהערט צו יענע „מיידלעך", וועלכע די מלחמה האָט אויסגעשטעלט צענדליקער טויזנטערווייז און וואָס פילן אויס די וועגערישע שפּיטאָלן און ברודיקע הייזער. אירע בלוטיקע באַקן זאָגן עדות פון אַ געזונטן, בעל־עגלהשן אָדער קצבישן שטאַם. זי איז פול מיט לעבן און פאַרמאָגט נאָך געבוג רייץ אין אירע באָרוויסע פיס ביז די קניען.

הארט נעבן איר געפונט זיך מנשה פלייצע־טרעגער, וועלכער האַלט אינגאַנצן נישט מער ווי אַן אַרשין אין דער הויך און איז איינגעבויגן אין דרייען צוליב דעם, וואָס ער איז אַמאָל געפאַלן אונטער אַ שווערן באַל סחורה און שיעור נישט צעקוועטשט געוואָרן, פון וואָס ס׳איז אים געבליבן ביזן היינטיקן טאָג אַן אַרויסגעזעצטער ביין אין רעכטער זייט רוקן, צווייטנס — צוליב דער קליינער אָפּעראַציע.

אַז מ׳האָט מנשהן אויפגעהאַקט דעם באַנבאָן, זענען כמעט אַלע קראַנקע געוועזן הינטער דער טיר; די געשרייען

האָבן געמאַכט דעם איינדרוק, אַזוי ווי פון אַ געבונדענעם אָקס ביי דער שחיטה.

יעדער האָט פאַרקריצט מיט די ציין און אַליין איבער־געפילט די ווייטיק. אָבער יאָסלען דעם וועכטער, האָט עס נישט געאַרט — ער האָט אַ כאַפּ געטון מנשהן אויף די הענט, אַזוי ווי אַ קאַלב און אים אַריינגעשליידערט אין בעט אַריין

— ליג ייגנאַץ, די כאָלערע וועסטו נישט קריגן!

און מנשה האָט אויסגעזען אַזוי ווי נאָך אַ הייסע וואַנע, דערשוויצט און פאַרויטלט, — נאָר קרעכצן האָט ער שוין כמעט נישט געקאָנט, איז צו אים צו יאָסל, אים אָנגענומען ביי דער נאָז און אַזוי אַרויפגעצויגן דעם קאָפּ פון קישן, אַזוי ווי מ׳שלעפּט אַרויס אַן עמער וואַסער פון אַ דאָרפישן ברונעם. מנשה האָט אַ ריטש געטון פאַר יסורים און חברה האָט זיך צעלאַכט.

נישט געקוקט אויף מנשהס נידריקער וווקס, איז ער דאָך קרעפּטיקער ווי זעקס דערוואַקסענע. אַמאָל, איידער ער האָט זיך גענומען צו טרעגעריי, איז ער געווען באַשעפטיקט מיט אַ באַנדע אַלטע פערד־גנבים, וועלכע פלעגן זיך אַרויסלאָזן פאַרשטעלט אַלס רייכע סוחרים אין פאַרשידענע דערפער אַריין, מכלומרשט קויפן סחורה און פון דאָרט „אַהיימליווערן" אַ דריי־סיק פאָר קנאַקעדיקע פערד: גניאַדעס, קאַשטאַנעס, קאָבילעס און אַפילו זשרעביעס, וואָס זענען הירזשנדיק נאָכגעלאָפן נאָך די מוטערס, וועלכע מ׳האָט שטילערהייט אַרויסגעפירטביים פויער פון שטאַל אַרויס. פלעגט זיך אַמאָל אַזאַ עסק נישט איינגעבן, האָט מען געקאָנט געממיתט ווערן פון המון גוים, וואָס האָבן זיך אַ לאָז געטון רייטנדיק, מיט קאָסעס און העק, נאָך די אומגעבעטענע „סוחרים". דערפאַר זענען זיי געפאָרן אַ צען, פינפצן פאַרשוין, מיט די בלאַנקע מעסער אין שטיוול און גראָ־בע, סענקאַטע שטעקנס אין די הענט. די געגנבעטע פערד פלעגן אַרומגעשוירן און אַרויסגעפירט ווערן אויפן מאַרק —

אַ סך מאָל איז דאָס פערד אַפילו פאַרקויפט געוואָרן צום זעלבן פויער, ביי וועמען ס׳איז געווען געגנבעט און יענער — פּרעגט אים בחרם!

מנשה פלעגט דאַמאָלס צו לעבן אַ טאָג און דאָס איינע וואָס ער האָט „קאָזשישטשעט״, איז — דאָס טאַנצן... כּמעט אַלע קאָנען זיי דאָ טאַנצן, דעריבער קאָן זיך קוים עמעץ פון זיי בלויז אונטערשרייבן. אַ נס וואָס אַלעקסאַנדערס שכנים הינטער דער רעכטער וואַנט טאָרן זיך נישט צופיל באַוועגן און מאַכן גרויסע טריט, אַז נישט וואָלט די פּאָדלאָגע געוויס צעשפּרונגען געוואָרן.

אַז מנשה באַווייזט זיך אויף אַן אָפּאַטרונעק, שטייען צו צו אים די דאָקטוירים — ער זאָל טאַנצן. ער איז „פּאַרשיט״ געוואָרן אַז ער איז אַ באַלעטניק און מנשה ווערט אַלעמאָל פאַרוואָרפן מיט נייע פראַגן וועגן די אָדער יענע טענץ. דאָס דאָזיקע איז כּמעט זיין אייציק „רייט-פערדל״ און ער פּילט זיך שטאָלץ וואָס ער איז נישט „גלייך מיט אַלע״... מנשה וואָלט אפשר געטאַנצט, רייסן אים אָבער די יסורים און ער האַלט זיך אין איין פאַרענטפערן:

— כ׳קאָן נישט, מיין מאַמע זאָל מיר אַזוי געזונט זיין, ווי כ׳קאָן נישט!

אַנומלט, האָט דער דאָקטאָר זיך אַזש גענומען מיט אים אַרומיאָגן איבערן צימער און מנשה האָט זיך געפונען אין אַ שלעכטער לאַגע, אַלע האָבן געלאַכט און ביי אים האָט דאָס פּנים געשמייכלט און געוויינט צוזאַמען.

ווען ער איז געלעגן אַן אויסגעצויגענער, מיט אַן אייב־געקאָרטשעטן פוס אויפן לאַנגען, גלעזערנעם טיש, מיט די אויגן צו דער סטעליע, האָט נאָך אַלץ די דאָקטאָרקע אַננאַ, בעתן באַנדאַזשירן אין אים שטיל אַריינגערעדט, זי האָט טאַקע גע־וואָלט אַז ער זאָל טאַנצן.

נעמט אַמאָל מנשה מאַכן עטלעכע באַוועגונגען, שלינגט די דאָקטאָרקע יעדן ריר זיינעם, ער דרייט זיך דאַמאָלס אַזוי ווי אַ ווילד קאַרליקל אָדער גאַסן־לצל; און ער פאַרשטייט, אַז כאָטש זי איז אַזאַ „געלערנטע", קאָן זי דאָך נישט באַווייזן דאָס וואָס ער...

די דאָקטאָרקע אַננאַ, נאָך אַ יינגיטשקע, כמעט אַ שטי־פערן — מיט העל־בלאָנדע האָר, וואָס קליידן איר אויסגעצייכנט צו דער עטוואָס אַראָפּגעבויגענער און חנעוודיקער אָדלער־נאָז, אָט די דאָקטאָרקע, איז איינמאָל מיט מנשהן אַריין אין כע־מישן קאַבינעט און מנשה האָט איר אָנגעהויבן „צו ווייזן". צום ערשט האָט ער איר אָנגענומען ביי דער האַנט, אַ ביסל נישט דרייסט, געפירט איר אַהין און צוריק און עפּעס אונטער־געזונגען. מנשה ווייס וואָס מען מיינט „אויסלערנען", נישט פון בלויזן טרעגעריי וואָלט ער געקאָנט לעבן... דערנאָך האָט ער פאַרגעסן אַז דאָ שטייט פאַר אים זיין דאָקטאָרקע, נאָר סתם אַ שילערין פון קליינזינגערס טאַנץ־זאַל.

— נישט אַזוי, — בעסערט מנשה איר אויס — אָט אַזוי!

און די דאָקטאָרקע נעמט געהאָרכזאַם אויף יעדן באַפעל.

— דעם פוס רעכטס, מער אַ העך... גוט, גוט!

אַזוי קאָמאַנדעוועט מנשה מיט איר אַ וועק אַ שטיק צייט, שפּעטער לאָזט ער זיך מיט איר אַ וועק אין אַ ראָד, ביז ביי־דע פילן זיך מיד און איינגעמאַטערט. דאַמאָלס ערשט באַפרייט ער איר, אַ פאַרויטלטע און אַ צעפרידן־שמייכלדיקע.

— אוי, אַ רוח אין זייער טאַטן אַריין!.. — רופט פּלוי־צים מנשה אויס אַ דערשוויצטער, ער כאַפּט זיך אָבער באַלד צוריק, האַקט אָפּ און בלייבט פאַרשעמט — מיינע „פּשיאַטשע־לעס", בראַנדיק זאָלן זיי ווערן, פאַרגינען מיר נישט...

מנשה גיט זיך אַ וויש מיטן אַרבל איבערן קליינעם, איינ־געשרומפּענעם שטערנדל און וואַרפט צו:

— זי וואָלטן געזעען, ווי אַזוי יאַך וואָלט איהן אויס־געשטעלט פּאַר אַ לייט, זאָל מיר מיין מאַמע אַזוי געזונט זיין.

*

נאָך דעם ווי ס׳איז אַ ביסל הינטער דער וואַנט פון דער פרויען־אָפּטיילונג שטיל געוועזן, האָט מיטאַמאָל דער גע־זאַנג ווידער אָנגעהויבן:

Pani Surełe — aparatka,
Pani Fajgełe — posługaczka;
Pani gospodyni chleba kraje,
Na obiady porcji daje...

און פון דער זייט, האָבן זיך די יינגען צעלאָזן אויף מויל־האַרמאָניקעס, אַזוי ווי ס׳וואָלט געווען אַ געמיינזאַם צע־גוּיפרעדן זיך. אַנדערע האָבן זיך אַ לאָז־געטון לויט טאַקט קלאַפּן „סטשאַטקעס״ און ס׳איז אַוועק אַ מאַרש, אַז דער באַלקן האָט זיך שיעור נישט אונטערגעהויבן.

מיט זעקס וואָכן צוריק, ווען אַלעקסאַנדער איז אָנגע־קומען דאָ אין שפּיטאָל אַריין, האָט ער נאָך געוווינט אינם אַלגעמיינעם זאַל פון די הויט־קראַנקע, וועלכער געפונט זיך מיט אַ שטאָק נידעריקער. ער האָט זיך געפירט אָנשטענדיק און נישט געהאַט אַזוי אַרום קיין מגע־ומשא מיט די „מייד־לעך״. שפּעט אויף דער נאַכט, ווען ער האָט זיך פאַרטראַכט וועגן זיינעם און זייער אַלעמענס גורל, זיך אַראָפּגעלאָזן וואָס אַמאָל אַלץ טיפער אויפן גרונט פון זיין נשמה, האָט זיך פּלוּ־צים דורך דער פאַרשלאָסענער טיר דערהערט אַזאַ האַרציק געזאַנג, וואָס האָט אים געצווונגען אַרויס פונם צימער און שטעלן זיך הינטער דער וואַנט אויסהערן. פון אינעווייניק האָבן זיך אַרויסגעטראָגן פאַרשידענע לידער, אַלץ אַ שטיק פון זייער טאָג־טעגלעך לעבן: „הייזל״ און שפּיטאָל־וואַנדע־

רונגען, חרפה פון עלטערן און צרות פון די געקויפטע „חתנים״. דאָס גאַנצע ביטערע מזל זייערס, האָבן זיי אויס־געגאָסן אין רירנדיקע ניגונים, אונטערגעהאַלטן דורך אַ טייל הויט-קראַנקע, קינדער און דערוואַקסענע.

נישטווילנדיק איז אַלעקסאַנדער געצוימט געוואָרן פון עפּעס אַ קראַפט, וואָס האָט אים נישט געלאָזט אָפּטרעטן פון אָרט און זיין קול האָט זיך צענויפגעמישט אין איין כאָר מיט די קולות פון די מיידלעך און זיך אָנגעקלאַפּט אָן די פאַרמאַכטע ווענט, אַזוי ווי אונטערגעשאָסענע טויבן:

Pani gospodyni chleba kraje,
Na obiady porcji daje...

די קלאַנגען פלעגן ערגעץ־ווו דערשטיקט ווערן און אַלעקסאַנדערן האָט עס אַזוי ווי געטון, אַזוי ווי — — —

טונקעלע שאָטנס, אַזוי ווי פליגלען פון גרויסע, שוואַרצע אָדלער, האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן פון דער הויך און איינגעהילט דעם צימער אין אַ לייכטן, פאַרנאַכטלעכן וואָל; פון דרויסן האָבן זיך אָנגעהויבן אַריינציען שטראָמען קעלטערע לופט — און אַלעקסאַנדער האָט פאַרמאַכט דאָס פענצטער.

אַלעקסאַנדער האָט געשפּאַנט אויף דער פּאָדלאָגע און זיך איינגעהערט אין אָפּהילך פון די אייגענע טריט. איינס־צוויי, איינס־צוויי...

אַלעקסאַנדער איז אַרויס פאַר דער טיר. אויף דער באַנק זענען נאָך אַלץ געזעסן ליובע מיט מנשהן און געסודלט זיך, שפּעטער איז אויך אין זייער קאמפּאַניע צוגעקומען לייבל „נאָסיק״, ליובעס „חתן״ — אַ יינג מיט אַ פּאָר אַראָפּהענגע־דיקע, גראָבע גלאַנציקע ליפּן און מיט אַ צענויפגעפּלאַטשטער נאָז, אַזוי ווי אַ רוח. — — —

צווישן אַנדערע פון „נאָסיקס" „כּלות", באַווייזט זיך צו אים אויף יעדער זעונג בינה „האַק", מיט אַ פּעקל אָדער קיישל אונטערן אָרעם. דאָס איז אַ „סטאַראָ ניקאָלאַיעווסקע" נקבה, וועלכע האָט שוין מיט אַ פינפצן יאָר צוריק אָפּגעדינט איר וועלטל און שלעפּט זיך נאָך אַלץ אַרום אויף דער „בוּ-קיעטע", אַזוי ווי אַ פּאַרוואָרלאָזטער און פאַראַבלטער הונט. איר פיגור איז מגושמדיק הויך און ברייט און דעם מגושמ-דיקן גוף האַלט זי איינגעפּרעסט אין אַן אַלט-מאָדישן, ברוי-דיקן און אויסגעשמירטן מלבוש. קוים וואָס זי שטעלט אַ טריט און אַז זי שטעלט שוין יאָ אַ טריט, דאַכט זיך, אַזוי ווי זי וואָלט אָפּגעטון אַ שווער שטיקל אַרבעט. דאָס פּנים ביי איר איז תמיד שוואַרץ און עקלהאַפט, מיט פאַרצויגענע אויגן-וויעס, אַזוי ווי פלאַכטעס און אַ פאַרשפּורטער, אומפאָרמיקער נאָז, אַזוי ווי אַן אַרויסגעזעצט פּעקל פלייש.

גייט זי פאַרביי, האָט מען דעם איינדרוק, אַזוי ווי זי וואָלט געלאָזן הינטער זיך אַ שטינקעדיק-פאַרעיפּושטן ריח.

— ווער קריכט עס נאָך צו אַזאַ נבלה? — פרעגט אַלעקסאַנדער איינעם.

— מסתּמא אַזאַ מנוּבל ווי זי איז אַליין.

ווייזט זי זיך, ווער שמועסט נאָך, מיט אַ גוט „פאַרדינסט", זעצט זי זיך אַוועק אויף דער הילצערנער באַנק אין קאָרידאָר און „קאָרזשעט" פּאַפּיראָסן איינע נאָך דער אַנדערער. זי פ'לט זיך דאַמאָלס פרייליכער, וואָס מ'קאָן דערקענען אין איר חוצבדיקער צורה, וועלכע נעמט מיט אַמאָל גלאַנצן, אַזוי ווי די הויט ביי אַ קאַץ ווען מ'האָט נאָר וואָס אַראָפּגעשינדן די פעל. לייבל רעדט מיט איר שטיל און פרעגט איר אויס וועגן „געשעפט". ברענגט זי אָבער אַ קנאַפּן „פאַרדינסט", קאָן מען דאָס באַלד באַמערקן אין איר גאַנג — אַ שרעק איז אויס-געגאָסן אין יעדער באַוועגונג אירער און זי זעט אויס טעמ-פּער און פוילער ווי געוועגלעך.

לייבל דערקאָנט דאָס שוין פון דער ווייטנס און דאָס פּנים זיינס באַקומט אַ באַהאַלטענעם צאָרן; זיי שטעלן זיך דאַמאָלס אַוועק אין אַ ווינקל און טענהן, אַזוי ווי זיי וואָלטן זיך געקריגט, אַמייסטן רעדט זי — און אויף די ווינקלען פון מויל פּיאַנעט זיך אַ ווייסע שוים; דערביי קאָרטשעט זי זיך פאַר מורא, און אַמאָל טאַקע — טראָגט איר לייבל אויך אונ־טער אַ פּאָר אויסגעשטעלטע, צעגויפגעבײלטע פויסטן.

---

שוין אַ לאַנגע צייט ווי ליובע וויל מאַכן קאָנטשאַפּט מיט אַלעקסאַנדערן, נאָר זי דערוועגט זיך נישט. עטלעכע מאָל, ווען ער, אַלעקסאַנדער, פּלעגט שטיין הינטער דער וואַנט און שטיל מיטזונגען און שפּעטער אַז ער האָט זיך פאַרגעסן — אַרויס אויפן קול, האָט ליובע זיך געוויזן אויף דער טיר דורך יענע זייט שייבן, וועלכע זענען באַלייגט מיט אַ גע־דיכטן, גראָען שטויב; פּלעגט זי דעם שטויב מיט דער האַנט אָפּרייניקן און קאָקעטיש צושמייכלען. צוליב איר, האָט זיך אויך אַרויפגעדראַפּעט שיינדל, אַן אויסגעצוואָגענע מויד מיט גאָלדענע צײן. אַלעקסאַנדער האָט זיך דאַמאָלס געמוזט הויך פונאַנדערלאַכן, איבער וואָס ער איז באַשאָטן געוואָרן מים אַ קופּע „קאָמפּלימענטן”, אויף זייער שטייגער.

איצט האָט זי געפּרוווט אים איבערפרעגן וואָס ס'הערט זיך מיט געזונט. אַלעקסאַנדער האָט פאַרשטאַנען אַז דאָס איז נאָר אַן אויסרייד און ער האָט איר דעריבער אַרײַנפאַרבעטן אין זיין צימערל. אַז זי האָט פאַרברענגט עטלעכע מינוט, זיך אַרומ־געקוקט, צעפּגעוווּנדערט זיך אויף דער ציכטיקייט, איז זי תּיכף צוריק אַרויס. אַ שטאַרקער באַגער האָט מיטאַמאָל אָנגענומען אַלעקסאַנדערן נישט צו זיין אַליין. דאָס איבעריקע בענקל וואָס שטייט אַזוי ווי אַ מצבה נעבן ווייסן טישעלע, זאָל נישט אַזוי דערמאָנען אָן זיין איינזאַמקייט דאָ און נישט קוועטשן אויף דער נשמה.

אַלעקסאַנדער איז צו צו דער טיר, אָנגעלענט דעם שטערן אָן די פאַרשמירטע שייבן און זיך געשלאָגן מיט דער דעה: יאָ אַריינרופן זי אָדער נישט? ליובע האָט גוט געוווסט אַלעקסאַנדערס אַרומשפּאַנען אַזוי ווי אַ צערייצטער איבערן קאָרידאָר און יעדערס מאָל פאַרשווונדן ווערן אין צימערל. דאָס לעצטע מאָל איז אַלעקסאַנדער אַרויס, ווען זי, ליובע, האָט זיך גראָד געשושקעט מיט לייבל „נאָסיקן", זיך געוואָרפן איינער אויפן צווייטן און געמאַכט פאַרשידענע באַוועגונגען מיט די הענט. מער האָט זיך אַלעקסאַנדער נישט געוואָלט שטעלן אין וועג, פאַרפאַלן! נאָר פּלוצים איז ליובע אַראָפּגעשפּרונגען פון „נאָסיקס" שויס און צו צו אַלעקסאַנדערן:

— קומט, מיר גייען אַריין צו אייך!

אַלעקסאַנדער האָט באַהאַלטן געשמייכלט, נענטער צוגערוקט די טאַבאַרעטקע צום טישל און זי האָט זיך געזעצט מיט אַ באַזונדער באַשיידנקייט.

זיי האָבן זיך אינטים צעשמועסט, דערביי האָט ער, אַלעקסאַנדער, פאַרגעסן אַז דאָ נעבן אים זיצט „אונלכע", וואָס יעדער האַלט פאַר געוויסנלאָז און פאַלש. ערשט האָט ער זיך איבערצייגט אַז אויך ביי זיי לעבן טיפע, פילבאַרע און צאַרטע נשמות.

שאַרל האָט אים ליובע געקוקט אין די אויגן אַריין און דערציילט, אַז דאָס דריטע מאָל קומט זי שוין אין שפּיטאָל אַריין.

— און איר האָט זיך באַלד געכאַפּט אַז איר זענט קראַנק? — האָט אַלעקסאַנדער איר פּאָרזיכטיק געפרעגט.

— ניין!

— נאָר?

— ערשט אין אַכט חדשים אַרום.

אַזוי ווי אַ בליץ, האָט אַלעקסאַנדער אַ רעכן-געטוּן,

וויפל מענטשן ס׳זענען דורך איר קראַנק געוואָרן אין פאַרלויף פון די אַכט חדשים.

— איר ווייסט — זאָגט אַלעקסאַנדער צו איר מכּלומרשט גלייכגילטיק — אַז די מענער וועלכע איר האָט אָנגעשטעקט, וועלן מוזן ליידן זייער גאַנץ לעבן.

דערביי האָט אַלעקסאַנדער געטראַכט נאָך עפּעס: און די ירושה פאַר די קומענדיקע דורות? — שפּעטער? שפּעטער?..

— נו, וואָס האָב איך געקאָנט טון? — האָט זי פויל צעצויגן — ס׳איז דאָך מיין ברויט!

אַלעקסאַנדער האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און נערוועז געברומט:

— מיין ברויט, ברויט... פאַרשאָלטן!..

ליובע האָט תמעוואַט געקוקט אויף זיין נערוועז אַרומשפּרייזן און דערנאָך קאַלט געזאָגט:

— און איר זענט דען זיכער אַז איר זענט נישט קראַנק?

אַלעקסאַנדער האָט אַ ציטער געטאָן און געענטפערט שנעל, פון וואָס ס׳איז שווער אונטערצושיידן, צי ליגט אין דעם אָפּנאַרעכץ אָדער צווייפל.

— כ׳בין זיכער!

— זענט איר נאָך קיינמאָל נישט געווען ביי אַ נקבה? — און דאָס לעצטע וואָרט „נקבה”, קומט ביי איר אַרויס מיט אַ סגול, אַזוי בזיגעוודיק האָט זי דאָס אַראָפּגעקיילערט פון די ליפּן, אַזוי ווי זי וואָלט נאָך קיינמאָל אַזאַ וואָרט נישט אַרויסגערעדט.

טראָץ דעם וואָס אַלעקסאַנדערן איז עס קלאָר געווען, ווער ס׳שטייט פאַר אים און מיט וועמען מ׳מעג רעדן אַזעלכע „זאַכן” שמועסן מיט דער זעלבער גלייכגילטיקייט ווי וועגן ברויט אָדער זעמל, האָט ער זיך דאָך פאַרויטלט, נישט געקוקט איר גלייך אין פּנים אַריין און כמעט ווי געשטאַמלט.

— די ערשטע צייט האָב איך טאַקע אָנגעהויבן קלערן:
ווער ווייס? און אפשר יאָ?
— פאַרוואָס?
— ווייל די דאָקטוירים האָבן מיך באַאומרויקט און געזאָגט אַז ס׳הייזן זיך סמנים, גענוג איך האָב ביז איצט אויף גאָרנישט נישט געליטן.
— דאָס — רייסט זי אים איבער — איז אַלץ קיין באַווייז נישט, מ׳קאָן זיך פילן געזונט און דאָך זיין קראַנק.
— די עאַלות פון די דאָקטוירים האָבן מיך אַריינגעברענגט אין אַ גרעסערן יאוש — היינט בין איך געווען ביי דער, מאָרגן ביי אַן אַנדערער...
— און דאָס בלוט ביי אייך?
— אַנאַליזירט. ס׳איז ריין.
— אָן שום קרייצן?
— אָן קרייצן.
אַלעקסאַנדער האָט שיעור געוואָלט דערציילן, ווי אַזוי ער איז אַריינגעפאַלן אין פאַרצווייפלונג און געהאַט באַשלאָסן, אויב איבערצייגט ער זיך אַז ער איז קראַנק, זאָל ער זיך נאָכדעם אַליין „אויסהיילן”... אויסהיילן זיך אַזוי, אַז קיינער זאָל נישט ליידן. אַלעקסאַנדער האָט זיך אָבער דערמאָנט ווי נאַריש דאָס וועט פאַר איר אויסזען, אמת, נאָר צום לאַכן... ממש דאָס גרעסטע געלעכטער... דאָ איז עס דאָך אַזאַ זאַך, אַזוי ווי דער מענטש וואָלט זיך אָן דעם נישט געקאָנט באַגיין, אַזוי ווי עפּעס אַ נייטיקע לעבנס-באַדערפעניש.
באַלד איז אַריין — נישט אָנגעקלאַפט אין טיר — לייבל „נאָסיק” און דערלאַנגט אַ ווינק צו ליובען, אויף וועלכן זי איז מאָמענטאַל אַרויס, אַזוי ווי דער ווונק וואָלט זי אין זיך איינגעשלונגען.
— אכט חדשים, אכט חדשים...
און אַלעקסאַנדערן האָט אַרומגענומען אַ היץ.
*

אַ גאַנצן טאָג לויפן די קראַנקע אַרום איבער די צימערן, אַראָפּ טרעפּ און ווידער אַרויף, מ׳ליינט, מ׳זינגט, — דערפאַר אַז ס׳קומט אָוונט־צו, פאַלט מען אַוועק אַזוי ווי די שטיינער, פּונקט אַזוי ווי נאָך אַ שווערער, פיזישער אַרבעט אין שטאָט. אַמאָל פאַרגעסט מען זיך און צייטנווייז טראַכט מען צופיל אַריין, פון וואָס ס׳הייבט אָן שווינדלען אין מוח. ווייטער גיין קאָן מען נישט, די ווענטלעך פון ציבער פאַרצוימען דעם וועג. אָט פאַרקוקט זיך אַלעקסאַנדער אויפן פאַרבן־שפּיל נאָענט צו דרום־צו און קאָן זיך זאַט נישט אָנקוקן. די קראָנען הערן אַלץ נישט אויף צו קראַקן און מלחמה צו האַלטן צווישן זיך איבער אַ שטיקל אָרט אין נעסט אָדער גאָר איבער עפּעס אַנדערש. יעדערס מאָל — זעט ער — ווי איינע קריכט אַריין דער צווייטער מיטן שנאָבל אין געדיכטעניש פון די פעדערן, אַ סעקונדע געדויערט דער קאַמף, באַלד לאָזן זיי זיך מיט אימפּעט אַראָפּ אונטן, אַזוי ווי ס׳וואָלט עפּעס אַראָפּגעפאַלן אַ טויטע משא, אָבער האַרט ביי דער ערד שיידן זיי זיך פונאַנדער און הייבן זיך ווידער אויף אין דער הויך.

אַלע ווײַלע עפנט זיך די טיר און ס׳ווייזט זיך צו אַלע־קסאַנדערן זיין יינגע ווירטין און אַז זי פאַרשווינדט — פילט ער, אַז אַרום אים איז עפּעס ליידיק געוואָרן, אַזוי ווי עמעץ וואָלט גענומען אַ שטיק צאַפּלדיקע פרייד און ארויסגעריסן פון אונטער דער האַנט אַוועק.

די דאָקטוירים גייען זיך פונאַנדער און איבערן קאָרידאָר טראָגט זיך אַ הילכיקער רוף. פון די צימערן הייבט מען אָן שפּרייזן אין עס־זאַל אַריין, אַזוי ווי צו אַ וויכטיק געשעעניש; דאָרט זעצט מען זיך אויס אין צוויי שורות אַרום אַ לאַנגען טיש, ערטערווייז אַריבערגעצויגן מיט אַ ווייס טישטוך. אָן אָרט ביים טיש פאַרנעמען צמייסטן הויט־קראַנקע. דערפאַר קאָן מען נאָר דאָ זען געשטאַלטן אויסגעשמירטע, ברודיקע, מיט פאַרבונדענע קעפּ, נעזער אָדער אַנדערע טיילן פון גוף. אַלעקסאַנדער גע־

פונט זיך תמיד דער לעצטער, אָבער חוץ דעם, ווייס ער, אַז זיין נאָמען ליגט פעסט ביי דער ווירטין אין זכּרון איינגעגראָבן און זי וועט, בעתן טיילן, אָן אים נישט פאַרגעסן... ער צע־שמייכלט זיך פון דאָזיקן געדאַנק און אין האַרבן טראָגט ער אַ הו פון דאַנקבאַרקייט, אַכטונג און ליבע צו דער חייסער מילד־קייט, וועלכע פאַרזאָרגט אים און געדענקט אָן אים, אַזוי ווי אַן אייגענע מאמע.

צייטנווייז, אַז אַלעקסאַנדער גייט נישט באַלד אַראָפּ אין „סטאָלאָווע", קומט די ווירטין צו צו די שייבן פון זיין טיר און רופט אים. טענות אַז ער האָט קיין אַפּעטיט נישט — העלפן נישט; זי נעמט אים דאַמאָלס מוסרן און מער זיך אַנט־קייגנשטעלן האָט ער נישט קיין כּוח. אַלעקסאַנדער זעט אויס נעבן איר אַזוי ווי אַ שעפּעלע אָדער אַזוי ווי אַ שטיל, פאַר־שולדיקט קינד, וואָס פילט אויף זיך די זינד...

אויב אַלעקסאַנדער איז פאַרחומערט, ווערט ער אָבער דאַ־מאָלס נאָך מער אומעטיק; די באַציִונג פון דער איידעלער פרוי, וואַרפט אים צוריק אַריין אין אַנדער וועלט, דאָרט, ווו ער הייבט ווידער אָן צו זיין מענטש, אָבער נישט אַזוי ווי אַלע יענע געזונטע, נאָר אַ בעל־מום, אַ מצורע און אַ ברודיקער, וועלכער נייטיקט זיך אין עמעצנס רחמנות און אַליין איז ער גאָרנישט. די ווירטין פאַרשטייט עס און געלעגנהייטלעך פרווט זי אים דעם געמיט לייכטער מאַכן און פאַרטרייבן דעם טרויער, וועלכער בייגט אַראָפּ אַלעקסאַנדערס קאָפּ צו דער ערד, אַזוי ווי ס'בויגט זיך אַראָפּ אַ ווערבע.

---

בעת די פרויען־קראַנקע זענען געשטאַנען אין ריי צו דער ווידיט, איז די פרוי מיטן קינד געזעסן נעבן אַלעקסאַנדערס טיר, אויפן ברעג פון אַ רויט־באַפאַרבטער הילצערנער באַנק. אַלע־קסאַנדער האָט דאַמאָלס גענומען שפּאַנען איבערן צימער, יע־דערס מאָל זיך אָפּגעשטעלט ביי די שייבן און געגאַפט.

די פרוי האָט אויף זיך באַמערקט אַלעקסאַנדערס בליקן, פון לאַנג שוין ווי זי ווייס אַז ער פאָלגט איר נאָך; טראָץ דער שטאַרקער אָפּגעצערטקייט און פאַריסנקייט פון איר געזל — האָט זי דאָך אין זיך געגנוג שטריכן פון אַמאָליקער שיינקייט. כמעט ווי ביי אַלע פרויען־קראַנקע, איז אויך ביי איר דער קאָפּ פאַר־יעקט מיט אַ ווייס טיכל, טיף אַרויפגעזעצט ביז איבערן שטערן, פון וואַנען ס'זעט זיך אַפּער נישט מער ווי ברייטע, קאַרבירטע בינטלעך שאַטינע האָר, אַזוי ווי פאַרוואַלגערטע לאָקן, וואָס גיבן איר צו אַ באַזונדערן חן. זי איז נעט און איידל אָנגעטון. דער גרינער, געפלאָכטענער סוויטער, ערטערווייז אַדורכגעוואָרפן מיט געלע פאַסן — אַזוי ווי אַ העל ליכט פון דער פינצטערער נאַכט אַרויס — איז אויף איר אויסגעגאָסן, אַזוי ווי אויף אַ ספּעציעל אָפּגעטאָקטער מאַנעקין און מאַכט דעם איינדרוק פון אַ באַלקאָסטיום; נישט ווייניקער רייץ ליגט אין אירע גראָץ, דורכזיכטיקע זאָקן, וואָס האַלטן אין זיך איינגעפּאַסט צוויי צאַפּלדיקע לעבגס.

אַ שטאַרקער קאָנטראַסט איז דערדאָזיקער טיפּ צו דער אַרומיקער סביבה און אַלעקסאַנדערן גריזשעט אַ געדאַנק, אַזוי ווי אַ בייזער וואָרעם: — ווער איז שולדיק?..

אַלעקסאַנדער ווייס נישט צי זי האָט אַ מאַן אָדער נישט, צי איז זי „אַזעלכע” אַזוי ווי זיי אַלע אָדער אַ צופעליק פאַראומגליקטע? דאָס קינד אָבער, וואָס האַלט זיך תמיד האַרט ביי דער מאַמעשי, מאַכט שוואַכער זיין חשד.

אַלעקסאַנדער קוקט זיך מיטאַמאָל איין אין קינד:

אַ חנעוודיק מיידעלע פון אַ יאָר דריי, מיט פונאַנדערגעעפנטע אייגלעך ווי די הימלען און קורצע, אונטערגעשוירענע שאַטינע הערלעך. ענלעך צו אַ באַוועגלעכער פילקע לויפט עס אַרום איבער דער שטיינערנער פאָדלאָגע און פלאַפּלט אומפאַרשטענדלעכע ווערטער; טיילמאָל צעווייגט עס זיך, דאַמאָלס קאָסט דער מאַמען אַ סך מי. איינצושטילן און באַרויקן דאָס אָנגע־

ברוגזטע באשעפעניש׳ל. אן אנדער מאָל זיצט עס אויף אַן אָרט אָדער שפּילט זיך מיט די קינדער, וועלכע געפינען זיך נעבן שכנות־דיקע פרויען — הויט־קראַנקע; און אַזוי שפּילנדיק זיך, פּאַרט עס אַריין מיטן דיניטשקן הענטעלע צום צווייטן קינד אין פּנימל אַריין און פּלוצים דערהערט זיך אַ קוויטש פון אַ יינג קולכל.

לויט ווי מען דערציילט, האָט די דאָזיקע פרוי דאָס קינד געבוירן דאָ אין שפּיטאָל, ווען זי איז שוין קראַנק געווען און שפּעטער־צו, אויך דאָס מיידעלע אָנגעשטעקט מיט דער קראַנקייט.

אַז די פרוי באַווייזט זיך מיטן קינד צוריק פון דאָקטאָר, איז ביים קינד אַרויפגעשאַרצט דאָס אַרבעלע און ס׳זעט זיך אַרויס אַ נאַקעט, אויסגעפּילט הענטל — ווײַנט עס אַוועק אַ לענגערע צייט; צוליב די אָפּטע „נאָדלען" באַקומט זיך אַ צעשטאָכן אָרט אויפן אינעווייניקדיקן ווינקל אַרום עלנבויגן. אַ סך מאָל איז דאָס הענטל פאַרבונדן מיט אַ טיכעלע. פון וואַנען דאָס קינד נעמט נישט אַראָפּ די אייגלעך:

— ווײַ, טוט וויי!..

די מוטער ווידער, דענערווירט און שטאַרק צעטראָגן פון עגמת־נפש, פאַרגעסט דערווייל אָן איר אייגענער ווייטיק.

ביי אַזאַ בילד ווערט אַלעקסאַנדער אויפגעקאָכט אַזוי ווי אַ ווילדע חיה — ווען ער זאָל קריגן דעמדאָזיקן פאַרשוין, וועלכער האָט דאָס אַלץ גורם געווען — ביים האַלדז וואָלט ער אים דערשטיקט, נישט אַנדערש, נאָר ביים האַלדז...

די טרערן פון קינד וואָס ליידט פאַר פרעמדע זינד, פאַרביטערט נאָכדעם אַלעקסאַנדערן דעם ביסן אין מויל.

אַלעקסאַנדער איז אַלץ נישט אָפּגעטראָטן פון דער שייבנטיר; ער האָט דער פרוי געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר דערצו האָבן אים געשטערט די אַנדערע פרויען, וואָס וואָלטן זיך געוויס אויף דער גאַנצער זאַך געחידושט, אַזוי ווי אויף אַ רעטעניש.

אַז דער אָרדינאַטאָר קומט אַרויס פון זיין קאַבינעט, כאַפּן זיך אַלע אויף פון די ערטער אַזוי ווי מעכאַנישע ספּרענזשינעס.

וואָס מאַכן יעדערס מאָל די איינע און זעלביקע באַוועגונגען און נאָך זיין אַנטרונען — בלייבן זיי צוריק זיצן מיט דער פּשוטער גלייכגילטיקייט פון פּריר.

אויך די פּרוי האָט דאָס זעלבע געטון, אָבער שוין נישט מיט דער זיכערקייט און געשיקטקייט פון די איבעריקע; ביי איר איז עס אַרויסגעקומען, אַזוי ווי זי וואָלט זיך דערביי געשלאָגן מיט דער דעה, געוואַקלט זיך, צי זאָל זי מאַכן דידאָזיקע באַוועגונג אָדער נישט.

אַלעקסאַנדער האָט פאַרשטאַנען דעם באַטייט. און אפשר דערפאַר וואָס זי האָט געפילט אויף זיך זיינע איינגעגעסענע בליקן, דערפאַר וואָס זי האָט געוווּסט, אַז יעדער ריר פון איר ציטערדיקן פרויען-קערפער וועט איינגעשלונגען ווערן פון אַ מאַנספּערשוין, וועלכער קוקט אַרויס פון זיין ווינקל, אַזוי ווי אַ „רואה ואינו נראה".

געפילט האָט אַלעקסאַנדער דאָס, וואָס אים אַליין קומט אויס איבערצולעבן אין אַזעלכע מאָמענטן. דאָס שטיין אין ריי, אויפכאַפּן יעדן באַפעל מיט דער געהאָרכזאַמקייט פון אַ זעלנער, די שטרענגע דיסציפּלין און דאָס נישט טאָרן זיך אָנרופן אַ וואָרט — וואַרפט אַרויף אויפן מענטשן באַזונדערע קייטן, וועלכע דערמאָנען ג'יכצר די יסורים פון אַ באַוווּסטזיניקן שקלאַף איידער קראַנקן.

ווייטער זעט אַלעקסאַנדער, ווי די פּרוי נעמט צו זיך דאָס קינד אויפן שויס און קושט עס, זי קושט עס שטאַרק, ליידנשאַפטלעך, אַזוי ווי זי וואָלט געוואָלט דערפון דאָס חיות אַרויסזויגן; דערנאָך בויגט זי זיך איין און לאָזט עס צוריק אַראָפּ אויף דער ערד. דער חשד צו איר ווערט ביי אים אַזוי אַרום נאָך מער אָפּגעשוואַכט, צוליב איר שטאַרקער מוטער-טרייהייט.

— און ווער ווייס? — טראַכט ער ווידער — ווער ווייס?...

אַלעקסאַנדער דערלאַנגט אַ שמייכל צום קינד, די מוטער באַמערקט נישט דעם שמייכל. דאָס מיידעלע קוקט אים אַ ווײַלע

אָן, דערנאָך צעווײנט עס זיך און באַהאַלט דאָס קײלעכדיקע קעפּעלע אין שויס פון דער מאַמען.

די פרוי פּרוּווט עס באַרויקן און באַמיט זיך דערגײן די סיבה פון פּלוצלינגדיקן פונאַנדערוויינען זיך; מיטאַמאָל הייבט דאָס קינד אויף דאָס פּנימל און ווייזט אין דער ריכטונג צו דער גלעזערנער טיר צו פון אַלעקסאַנדערס צימער:

— ער!..

די מוטער מאַכט זיך נישט פאַרשטײן און קוקט נישט אין יענער זייט, אָבער תּיכּף ווערט איר האַלטונג געצווימטער, אירע באַוועגונגען שטייפער, אַזוי ווי זי וואָלט באַדאַרפן אָטעמען אונטער אַ געווייסער שווערקייט. אַ סך מאָל וואַרפט די פרוי אַהער אַ בליק מיט אַ האַלב אויג, אַזוי ווי בגנבה; אַלעקסאַנדערן טוט וויי זייער פרעמדקייט, זייער שמועס אָן ווערטער. ער ווייס אַז זי מוז האָבן יסורים, באַהאַלטענע, שטומע, אַזעלכע — וואָס מען קאָן נישט דערציילן פאַר קיינעמען, אפילו נישט פאַר אַן אייגענעם נאָענטן פריינט. און ער, אַלעקסאַנדער, ער וואָלט איר יאָ פאַרשטאַנען, ער וואָלט איר טיף און טריי מיטגעפילט.

— איך וועל איר אַריינפאַרבעטן! — באַשליסט ער.

אַז אַלעקסאַנדער האָט שפּעטער, אַרויסגייענדיק אין קאָרידאָר, באַגעגנט ליובען, האָט ער באַפוילן מיט איר זיין בקשה.

און אויך אַ צווייטן מאָל האָט ער צו איר אַריינבאַפוילן, נאָר אַלעקסאַנדער האָט זיך דערוווּסט אַז זי איז קראַנק און ליגט צו בעט. ער האָט געמיינט, אַז אפשר איז עס בלויז אַן אויסריייד, אפשר ווייס זי פריער זיינע מחשבות וועגן איר, און זי וועט אים גלייך אין פּנים אַריין נישט קאָנען קוקן.

— אפשר?..

אין עטלעכע טעג אַרום האָט זיך אַלעקסאַנדער איבערצייגט אַז ס'איז אמת. וויפל ער האָט נישט געוואָלט בעת וויזיטן איר אויסקוקן און וואַרטן מיט אומגעדולד, איז זי דאָך נישט געקומען; פּלוצים באַווייזט זיך ליובע מיטן קינד אויף דער האַנט צום דאָקטאָר.

דאָס קינד איז געפערלעכער פאַר דער מאַמען, ווייל ס'איז אויך אָנגעשטעקט אין די אייגלעך.

איינמאָל אויף דער נאַכט, קומט אַריין לייבל „נאָסיק" צו אַלעקסאַנדערן און זאָגט אַז ליובע רופט אים: — אַלעקסאַנדער איז אַראָפּ פון די טרעפּ און אַריינגעשפּאַרט דעם קאָפּ אין לאָך פון דער וואַנט, וואָס זעט אויס אַזוי ווי אַ שוואַרץ מויל און אין וועלכן ס'האָט זיך אַמאָל געמוזט געפינען אַ לעמפּל. דאָסדאָזיקע לאָך איז דער אײנציקער מיטל אויף צעגויפרעדן זיך אין פרייע אָדער אָוונט-שעהן. בעת אָבער מ'טוט אַהין אַריין דעם קאָפּ זעט מען אינעווייניק גאָרנישט, ווייל אין יענער זייט קומט עס אויס אין אַ פינצטערן קאָרידאָר, דערפאַר גייט דאָס קול אַרויף אַזוי ווי פון אַ קבר.

אַלעקסאַנדער האָט אַריינגעקוקט און גוט אָנגעשטרענגט די ראיה. אין אַ ווינקל, אַזוי ווי די האַרטע, באַוועגלעכע שאָטנס זיצן עטלעכע מיידלעך ענג צעגויפגעקוועטשט, איינגעטוליעט אייגע אין דער צווייטער און זינגען, אַמייסטן אויף הייזעריקע קולות, וואָס צווינגט אַ טראַכט צו טון: — זינגען דאָס מענער אָדער פרויען?

ביים ערשטן בליק וואַרפט עס אַרויף אַן אימה, אַזוי ווי אַ נעסט פון בייזע רוחות.

אויפן שויס ביי ליובען, האָט אַלעקסאַנדער דערזען עפּעס אַ באַשעפעניש'ל.

— ווער איז דאָס?

— דאָס קינד פון דער פרוי. זי איז קראַנק. — האָט זיך אַרויסגעטראָגן אַ קול, אַזוי ווי פון אַ היייל.

— וואָס מאַכט זי?

— בעסער. זי האָט געזאָגט אַז זי וועט קומען.

מיט גיכע טריט איז אַלעקסאַנדער צוריק אַרויף און אַריין אינם אַלגעמיינעם זאַל פון די וועגעריקן. פיר חולאים — צווישן זיי אַ קריסט, מיט אַ טונקל-געלבלעך, אויסגעציפּט בערדל, אַזוי

ווי אויסגעפליקטער מאָך — האָבן אָהערגערוקט דאָס טישעלע קייגן דער עלעקטרי און זיך אוועקגעזעצט פּאַרעוסקט איבער אַ דאָמינאָ, אַנדערע ליגן אויף די געלעגערס און דערציילן וווּנדערלעכע מעשיות. דער צימער איז אָנגערייכערט, אַזוי ווי אין אַ קרעטשמע און אויף דער פּאָדלאָגע — אָנגעוואָרפענע מונד־שטיקן. מ׳זוכט אויס אַן אַלטע צייטונג און מ׳לייענט. די אָפּ־טיילונג מאַכט דאַמאָלס אַן איינדרוק, אַזוי ווי אַ קאַזאַרמע מלחמה־צייט.

פאַרפירן די קראַנקע אַ שמועס, טאָר קיינער נישט שלאָפן און אַפילו נישט אַ דרעמל־טון, טאָמער יאָ — ווערט דער אַנט־שלאָפן־געוואָרענער אויפגעהויבן מיטן בעטל אין דער לופט, באַ־גלייט מיט אַ „הורא" און געלעכטער, צוליב וואָס דער חולא כאַפּט זיך אויף אַ צעשראָקענער און אין איין ציטערניש.

— פּאָף נישט! אַ רוח אין דיין ממזריש האַרץ אַרײַן, הער אַ יידיש וואָרט!

הערשט אין זאַל אַן אָנגעשטרענגטע שטילקייט, אַזוי ווי בעת אַ תּפילה, נישט זיכער איז דערדאָזיקער, וואָס פאַלט פלוצים אַריין מיט אַ וואָרט.

— גיב זיך אַ שאַמפּיניר אַוועק!

— נישט דיין עסק!

דער באַפאַלענער מוז תּיכּף אויפהערן, דערביי קאָכט עס אין אים, אַזוי ווי אין אַ קעסל:

— אָפּטריט!

דערנאָך שפּייט דער חולא אויס פאַר כּעס, ברומט אונטער און לייגט זיך צוריק מיטן רוקן קאַפּויער.

אין די נעכט אָבער ווען מ׳שמועסט נישט און מ׳קריגט זיך נישט, פאַרטראַכט זיך יעדער אין זיין ווינקל און אַלעמאָל צעוויינט זיך אַן צנדערער — יעדער פילט אויף זיך דעם אומ־גליק; דער, וואָס האָט ערשט נעכטן געטרייסט אַ צווייטן, ווען יענער האָט זיך צעוויינט, האָט זיך היינט אַליין צעכליפּעט, אַזוי ווי,

אַ קינד און ווערט געטרייסט פון די איבעריקע. כּדי אָבער צו פאַרהיטן פון אומעט פאַרהילכט עס פון זעלנערשע לידער, וואָס פּלאַצט אַרויס אין אַ כאָר: —

Chciała pani piwko pić,
Oj—oj—oj—oj—oj !
Chciała pani piwko pić,
Rym-cym chu-cha-cha !

חברה פאַלט אַריין אין קוראַזש און רייסט די העלדזער: ביי אַ טייל עלטערע, „אויסגעדינטע”, וואַכן אויף די סאָלדאַטסקע זכרונות און ס'ווילט זיך אַראָפּ פון בעט, נעמען די ביקס אויפן אַקסל און מאַרשירן:

— ראַז-דוואַ, ראַז-דוואַ !..

פון אונטן טראָגט זיך נאָך אַלץ אַרויף דער געזאַנג פון די „מיידלעך”, אַזוי ווי אַ הילכיקער רוף. יעדער איינער פון די קראַנקע פילט און פאַרשטייט עס — נאָר קאָן זיך גאָרנישט העלפן צוליב דער פאַרשלאָסענער טיר. אין „סטאָלאָווע” האָבן זיך עטלעכע הויט-קראַנקע פאַרקליבן ביי אַ קערטל און רעדן הויך צווישן זיך, אַזוי ווי זיי וואָלטן זיך געאַמפּערט.

אַלעקסאַנדער גייט אַריין צו זיך אין צימערל. ער שפּאַנט אַרויף-אַראָפּ. פון הינטער דער וואַנט קלינגט דער זייגער: איינס, צוויי, דריי... ס'איז ניין אָוונט, אין שטאָט קאָכט עס און רוישט, מ'געדענקט נישט, מ'ווייס נישט. אָט איז עס דאָך אין קאַרנאַוואַל-צייט. כאַ-כאַ ! און ער? — דער מוח גיט זיך אַ וויג, אַזוי ווי אַ שיף, וואָס וואָלט פּלוצים זיך אָנגעשטויסן אָן אַ גרויסער און האַרטער אייז-קריע און צעריסן געוואָרן אויף שטיקלעך. ער פאַרלירט דאָס גלייכגעוויכט. אין אַזעלכע מאָמענטן שפּאַרן זיך געדאַנקען, אַזוי ווי שוואַרצע קראָען אין קאָפּ: — איז עס אַ לעבן ?.. ער, ער, ער — אַ מצורע, אַ קרעציקער, פון וועמען מ'קערט זיך אָפּ, מ'אַנטלויפט, מ'גיט קיין

האַנט, נישט, ער — וואָס האָט געהאַט אַ ווייסע אַלבאַסטער־הויט, אַזוי ווי אַ ליכטיק הימל־קינד, זאָל זיין צעפּרעסן, פאַרשטונקען און פאַרשמירט ?...

אַלעקסאַנדער צעעפנט די ברוסט, ער לייגט אַרויף דעם אַנטבלויזטן פוס אויף דער טאַבאַרעטקע און קוקט שווייגנדיק, אַזוי ווי ער וואָלט באַווײנט אַ גוף, וואָס איז ערשט צוליבן טויט פאַרגליווערט און אויסגעקילט געוואָרן. פון די טונקעלע האָר זען זיך אַרויס גרויסע, רויטע רעדער, אַזוי ווי מ׳וואָלט דערפון די הויט אַראָפּגעשונדן און איינגעריכט מיט עפּעס אַ בלאָטע.

ער — וואָס האָט קיינמאָל זיין שטאָלץ נישט געוואָלט ברעכן, זאָל איצט אונטערגעהאַלטן ווערן פון רחמים; מ׳זאָל זיך וועגן אים זאָרגן, אַזוי ווי וועגן אַ קאַליקע, וועגן אַ זאַך וואָס איז אַליין אומבאַהאָלפן און קאָן גאָרנישט אויפטון...

— פאָרזיכטיק! — האָט זיין פריינט אַמאָל אַ געשריי געטון, בעת אַלעקסאַנדער האָט ביי יענעם דעם ברויבינג פון האַנט געפּרוווט אַרויסנעמען און איבערקוקן.

— פאָרזיכטיק, ער איז געלאָדן!..

אַ, ווען ער, אַלעקסאַנדער, זאָל דידאָזיקע כּלי באַקומען, ווען זיין פריינט זאָל עס אים נאָר אויף אַ ווײַלע אויסבאָרגן, אויף איין ווײַלע, אַך, וואָלט יענער דאַמאָלס אַ כוואַט געווען; וויפל וואָלט מען פאַרשפּאָרט אייגענע און פרעמדע יסורים? אַ קליין מאַשינקעלע פון ווייסן מעטאַל, דאָס צינגל ווי אַ שד אַ שפּרונג געטון, און — אויס! פון אַלעם באַפרייט זיך, פון אַלעם...

און אויב נישט איצט, איז שפּעטער, מאָרגן, אין אַ צייט אַרום — געשען מוז עס דאָך. און ווער וואָלט דען געקאָנט שטאַרקער זיין, דעמדאָזיקן ווילן אויסצומיידן?..

יעדער מאָל נאַרט ער זיך, אַזוי ווי ער וואָלט זיך אַליין פאַרשפּילט. וויפל מאָל האָט ער זיך שוין גענאַרט, און — גאָרנישט! דאָס לעבן איז ליב און ער, אַלעקסאַנדער, איז יינג, ער מיינט אַלץ, ער האָפט — אפשר?..

פלוצים דערמאָנט זיך אַלעקסאַנדער אַז ער איז אַראָפּ פון וועג, ער האָט זיך צו טיף פאַרטראַכט וועגן אַזעלכן — וואָס מען טאָר נישט טראַכטן, אַזעלכעס וואָס קאָן פירן צו משוגעת אָדער גאָר צו אַ בלוטיקן סוף.

— שטיל, שטיל! — שרייט אַלעקסאַנדער צו זיך, אַזוי ווי ער וואָלט דאָס נערוועזע הארץ געוואָלט באַרויקן, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט באַרויקן עמעצן אַנדערש און נישט זיך...

דורך דער וואַנט, הערט ער, ווי אינעווייניק איז מען אַנט־שוויגן געוואָרן. דער עולם איז געפאַלן אַזוי ווי געהרגעט אויף זייערע געלעגערס.

* * *

אַלעקסאַנדער האָט שוין מער נישט געקאָנט שלאָפן און זיך אויפגעזעצט. פון הינטער דער רעכטער וואַנט האָט זיך אַריינגעטראָגן אַ ווילד געראַודער, דאָס איז דער המשך פון אַ נעכטיקער קריגעריי. מ׳קריגט זיך אין דער קופּע און מ׳זידלט זיך, אַזוי ווי אויף אַ יאַר־מאַרק אָדער שכורע פּויערים אין אַ שענק...

אין דרויסן ווערט העלער און מ׳זעט שוין די ביימער אינעם גאָרטן.

לייגט זיך אַלעקסאַנדער צוריק אַראָפּ, דעקט זיך איין הארט איבערן קאָפּ אַריבער און טראַכט וועגן די לעצטע צוויי יאָר וואַרשע און פריער.

און מ׳טאַמאָל טויכן אויף פרויען־קעפּלעך פון פאַרשידענע געשטאַלטן: בלאָנד, שאַטין און ברונעט, אַזוי ווי פון אַ סודות־אָפּגרונט אַרויס און רינגלען אים אַרום, צערטלען אים און לאַכן אים אין פּנים אַריין. אים ווערט שלעכט, הייס און ס׳כאַפּט אים אַרום אַ כעס.

אָט איז די ערשטע:

אַ שלאַנקע ברונעטקע, מיט אַן אונטערגעשוירענעם שוואַרצן קרויזן-קאָפּ און די אויגן — שוואַרצע פייערן... זי איז אַ טענ-צערקע. זי בויגט זיך פאַר אים און מאַכט כסדרדיקע באַוועגונגען; אירע אָפּגעטאָקטע פיסלעך, אַזוי ווי די שלאַנגען נענ-טערן זיך צו אים און פון איר ברוסט פילט ער דעם הייסן אָטעם, וואָס ציט זיך צו אים מיט אַ שטומען באַגער: —

— „אַלץ איז דיין, אַלץ איז דיין!..״

אַלעקסאַנדער קערט זיך אָפּ, זי איז שטאַרקער, איר אַראָ-מאַט פאַרשכּורט אים, שטרעקט ער אויס די הענט — זי פאַרשווונדט.

ער פילט זיך באַליידיקט, אַלעקסאַנדער, אָט איז זי ערשט אינגאַנצן זיין געווען — איר גוף, איר נשמה, יעדער באַוועג פון איר ציטריקער פרויען-גראַציע, אָבער באַלד קומט אַ צווייטע:

ערגעץ אַ פאַרנעפּלטער מאַסקן-באַל, אין איינער פון די צעהוליעטע קאַרנאַוואַל-נעכט, וואָס כאַפּט אַרום די ווענט פון דער צעבראַוויזטער און אין זנות-פאַרזונקענער, גרויסער שטאָט. צווישן די הונדערטער מאַסקעס, פאַרביקע קאָסטיומען און באַל-קליידער, רוקט זיך אַרויס אַן אָרעמע ציגיינערקע; איר קערפּער איז ענלעך צו אַ שניצערייַ פון אַ באַרימטן סקולפּטאָר. דאָס פראָסטע, רויט-באַבלומטע קאָפּן-טיכל, איז ביי איר אַרויפגעזעצט טיף ביז איבער די אויערן, מיט אַ פאַרוואָרפענעם שלייף אויף דער פלייצע, וואָס דערמאָנט גיכער אָן אַ געזונטן און תמימות-דיקן דאָרף-טיפּ, אין אַ זונטיק-טאָג אויפן וועג צו אַ קלויסטער אָדער שניט-צייט אויף פעלדער; ווערט זי פרעמד דער אַרו-מיקער רייכער סביבה פון צעלינדערס, ווייסע הענטשקעס און שטייפע, ווייס-געפּרעסטע מאַנזשעטן. ס'זעט אויס, אַזוי ווי זי וואָלט דאָ אַהערפאַרבלאָנדזשעט פון אַן אַנדער וועלט און דער-פאַר עסן זיך יעדנס אויגן איין אין איר דאַרן און חנעוודיקן לייב, — נאָר אַלעקסאַנדער פאַרשטייט דעם באַטייט: די גע-דאַנקען-פעדעם וועלכע ציען זיך צו איר, זענען אַדורכגעזאַפּט מיט זינד און מיט באַגער פון זאַטע פאַרשוינען, וואָס זענען

פּענים אויף יעדער נייס ביי דער פּרוי, אויף יעדער פרישן און נישטבאַרירטן ווייבערשן גוף.

די פאַרשווינען אין צעלינדערס!

אַ הייסער שטראָם גיסט זיך אַריין צו אים אין לייב —

— איך מוז איר קריגן, זי מוז זיין מיין!

און שפּעטער איז עס געשען אין אַן אינטימען קרייז, ביי זיינעם אַ חבר — אַ מאָלער-קינסטלער; אומגעריכטערהייט איז די פאַרשטעלטע ציגיינערקע געווען אין זיינע אָרעמס. יענע, וועלכע ער האָט אַמאָל באַגעגנט אויפן רויכיקן זוּן פאַרנעפּלטן מאַסקן-באַל, אַרומגערינגלט פון הונדערטער נייגיריקע בליקן.

אויך זי איז אַוועק.

אַלעקסאַנדער נעמט אָפּ דעם קאָפּ. אַ טונקל-געלע שפּיטאָל-וואַנט שפּאַרט אים אין פּנים אַריין און ס'דערמאָנט מיטאַמאָל ווי ער געפינט זיך. דאָס עלעקטרישע פייער אין לאָמפּ איז נאָך נישט אויסגעלאָשן און מאַכט אַזוי אַרום די פאַרשמירטע ווענט נאָך ברודיקער און געלער. ביי די ווענעריקן איז רויקער געוואָרן, נאָר ס'הערט זיך זייער פּאָרן און גרייטן זיך צום אָנבייסן — די אכילה דאָס איז די איינציקע זאַך וואָס איז מסוגל צו פאַרכאַפּן זייער גאַנצן געדאַנק און צוליב וואָס איינער וואָלט דעם צווייטן אויף טויט געהרגעט.

גלייך דערמאָנט זיך אַלעקסאַנדער אָן אַ דריטער געשטאַלט:

אַ רב'ס אַ טאָכטער — אַ נאַיווע קינד, דערצויגן אויף קליינשטעטלדיקע פעלדער צעזאַמען מיט גראָזן און בלומען, נעבן אַ באַזילבערטן טייך.

אינגאַנצן איז זי זיין. אַלעקסאַנדער איז איר חבר, פריינט און גואל. שפּעטער, בעת איר פאָטער ווערט דערמאָרדעט דורך באַנדיטן און אַריינגעשליידערט אין רווח אַריין ביים שאָסיי — ווערט ער אויך איר פאָטער. קיין מוטער פאַרמאָגט זי נישט, נאָר אַ שטיף-מוטער, וועלכע איז צו איר שטרענג און האַרט, אַזוי ווי אַ מכשפה.

זייער אַ סך דערוועקט אין אים דאָסדאָזיקע קינד, וואָס ווערט נאָך אַלעקסאַנדערס אויסוואַנדערן אין דער פרעמד אַריין, אַראָפּגעפירט פון וועג. אַלעקסאַנדער האָט איר געפּרוווט פירן און אַנדערע... אַנדערע האָבן איר פאַרפירט!

אויך די זענען דאָס געווען — די לייט אין די ווייסע העגטשקעס.

און נאָך עטלעכע טיפן ציען זיך פאַרביי פאַר אים, שלייכן זיך אַזוי ווי די לעבעדיקע שאָטנס; נאָר זיי האָבן נישט געלאָזן אָט-אָ דאָס, וואָס קאָן זיך איינקריצן טיף, טיף אין אַ ווינקעלע פון דער מענטשלעכער נשמה. צום סוף, שטעלט זיך אַלעקסאַנדער אָפּ ביי דער סאַמער לעצטער.

אַלץ וואָס איז אים בכוח צו פאַרבונדן מיטן דאָזיקן עבר, איז — אַ בינטל טרויער.

אַ סך שטיבן, שטיבן און מעבל... נאָר צווישן דעם אַלעם וואַנדלט אַרום אַ וועזן, וואָס פאַרשפּרייט מיט זיך פראָסט און אומעט — דאָך איז עס די צאַרטקייט און איידלקייט אַליין. אַלעקסאַנדער איז דאַמאָלס אין דער פרעמד, ער מאַכט אַדורך אַ שווערע קריזיס-צייט און פון גאַנצן ווירוואַר, ווערט ער אַריינ־געוואָרפן אין אַ רויקן ווינקל, וואָס איז שוין כּמעט צו רויק און באַקומט דאָרט זיין מקום-מקלט. אין שווערע מינוטן האָט ער ווי אָנצושפּאַרן דעם מידן קאָפּ און קיינער שטערט אים נישט. ער האָט אַ גרויסן שפּיגל פון אויבן ביז אַראָפּ און ער קאָן זיך אָפּט באַטראַכטן. פאַראַן פּליוש, בראָנדז און אי־בער אַלעם גליטשן זיך זיינע פינגער — זיין צווייטע היים.

אַ קלונג אין דער טיר און ער קומט אָנצוגיין, אַ קלאַפּ מיט דער טיר — און ער פאַרשווינדט; אַזוי ווי ביי זיך, גראָד אַזוי וואָלט עס באַדאַרפן זיין.

טיילמאָל, אין בין-השמשותדיקע שעהן, זעצט זיך דאָס שוויינגנדיקע וועזן צו נעבן אַלעקסאַנדערן, האַרט נעבן אים און ער דערלאַנגט איר אַ קוש איבערן קאָפּ, אַזוי ווי אַ פאָטער.

זי רעדט נישט, נאָר שווייגט. זי איז אומגליקלעך און פילט עס. איינע אַליין איז זי מיטן עול פון הויז און ייִנגערע שוועסטער־ברודער אויף זיך. זי איז בלאַס און אָפּגעצערט, מיט עטלעכע קנייטשן אויפן שטערן און טיפע בלאָע ראַנדן אַרום די אויגן, וואָס זאָגן עדות פון מידקייט נאָך צופיל לעבן און געניסן פון לעבן.

דערפאַר איז זי היינט אינגאַנצן קאַלט. דעם טעמפּעראַמענט און מיידל־וואַרעמקייט האָבן ביי איר צוגענומען אַנדערע, אַזעלכע, וואָס זענען געקומען פריער פאַר איר. אַלעקסאַנדער פילט איר טרייקייט און איבערגעבנקייט, ער וויל אָבער אויך געלעכטער און רייץ.

אין ווינטער־אָוונטן פלעגן זיך ביידע אַוועקזעצן איבער אַ גרויסער לאָמפּ און לייענען אַ בוך פון אַ רוסישן שרייבער. און זי האָט פאַר אים אויסגעטייטשט וואָרט ביי וואָרט, אַזוי ווי מ׳לערנט מיט אַ קליין קינד.

אַזעלכע אָוונטער פלעגן אים צום הויז יאָ צובונדן און אים פלעגט פייניקן די מחשבה, אַז ער דאַרף טראָגן אַ שטאַרקע התחייבות פאַר די עטלעכע נפשות.

אַלעקסאַנדער געדענקט, אין אַ ווינטערדיקן נאָכמיטיק, איז ער גראָד אַהין אַריין. אין דרויסן איז געווען אַן אייזערנע פראָסט און זי האָט פּלוצים באַמערקט אַז דער לאַך פון פּאַלטאָ איז נישט פאַרשפּילעוועט, ווייל ס׳פעלט אַ קנעפּל און ער קאָן זיך פאַרקילן... מאָמענטאַל האָט זי מיט דער זאָרג פון אַ מאַמען צוגענייט אַ קנעפּל און באַוואָרנט אַז ס׳זאָל אים זיין וואַרעם.

אַז אַלעקסאַנדער איז צוריק אַרויס אין גאַס, האָט ער תיכף פאַרשטאַנען דעם טייערן נוצן פון דער צווייטער וואַרעמקייט און אַ גאַנצע וועלט איז מיטאַמאָל אויפגעקאָכט געוואָרן: ווי גוט איז פאַרמאָגן אַן אייגן ווינקל, אַ היים און אַ וואַכעדיק אויג איבער זיך, ווער שמועסט — אין צייט פון אַ קראַנקייט ?.

האָט ער, אַלעקסאַנדער, זיך אָבער דאַמאָלס געגומען שלעכט אויפפירן, טרונקען אַלקאָהאָל און סרוב זיין שכור. און איינמאָל טאַקע האָט ער זיך שיעור פאַרסמט מיט אַ האַלבן שטאָף בראָנפן אויפן ניכטערן מאָגן און זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד, אַזוי ווי אַ חזיר... דערפון פלעגט זיין שטילע פריינדין האָבן צער און ליידן. אָפטמאָל האָט זי זיך איינע אַליין צעוויינט, דאַמאָלס האָט ער, אַלעקסאַנדער, געקריגן רחמנות און אַז ער האָט זיך אויסגעניכטערט, האָט ער זיך געשאָלטן מיט טויטע קללות און באַשלאָסן מער נישט צו טרונקען — —

שפּעטער איז אָבער אַלעקסאַנדער קראַנק געוואָרן, געוואַנדערט איבער שפּיטאָלן, געהאַט אַ שווערע אָפּעראַציע. דערנאָך באַנוצט אַ סך פרויען, כּדי זיך צו באַפרייען פון די פּאַסקודנע און עקלהאַפטע געוויסנס-פּייניקונגען.

*

אַ געדיכטער שניי האָט זיך פריש אַראָפּגעזעצט האַרט אויף דער ערד, אויף ביימער און פּלויטן. די שייבן פון אַלעקסאַנדערס פענצטער זענען באַלייגט, אַזוי ווי מיט נישט קלאָרע פאָרהאַנגען. אין ווייטנס, זעט דאָס פעלד אויס, אַזוי ווי אַ זילבערן וואַסער אַנטקייגן דער זון און נאָך ווייטער, ענלעך צו אַ וואַלד מיט ווייסע קרוינען-קעפּ. מענטשן שפּרייזן ענצלווייז, פאַרלעכווייז און קופּקעסווייז, וואָס מאַכט דעם איינדרוק פון אַ מתים-פּראָצעסיע. אין די ביינער גיסט זיך דאַמאָלס אויס אַ שלעפּערדיקע רויקייט, וואָס ציט זיך און לענגערט זיך צוגלייך מיטן ווינטערדיקן טאָג.

ס'איילט פאַרביי אַ שליטן, דאָס גלעקל ווערט פאַרטויבט און גרייכט נישט צו זיין אויער. ביי אַלעקסאַנדערן האָט זיך דער אויוון צעלאָזן, ממש צום צעזעצט ווערן, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט עמעצן ווייזן זיין ריזיקן כּוח.

אַלעקסאַנדער איז צו צו דער טיר. צווישן די אינטערעסאַנטן חאָס וואַרטן אויפן דאָקטאָר, האָבן פּלוצים אַ לייכט

אַרויס געטון אויגן, אַלעקסאַנדער איז געבליבן געליימט.

— ביילטשע!..

אַלעקסאַנדער האָט זיך אָבער צוריקגעהאַלטן און נישט אַרויס אין קאָרידאָר. דאָס מיידל האָט אויף אים געקוקט פאַרחידושט און נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס זיינע בליקן עסן זיך אַזוי איין אין אירע געזיכט־שטריכן.

— אפשר יאָ און אפשר נישט? — האָט עמעץ אין אַלעקסאַנדערן צערייצט געמורמלט — זי וואָלט מיך דערקאָנט, זי וואָלט דאָך געשמייכלט...

די שטאַרקע ענלעכקייט פון דערדאָזיקער יונג־פרוי צו זיין קוזינקע, האָט אים אַריינגעשלײדערט אין אַ וועלט פון ספק און כאָטש צעטרייבער זיך — אָבער ווי קומט זי דאָ אַהער? נישט מעגלעך, נישט מעגלעך!..

די אָפטע אָנגערעגטקייט און נערוועזיטעט, האָבן געהאַט דעם כוח אַלעקסאַנדערן פאָרצושטעלן דאָסדאָזיקע בילד אין געשטאַלט פון זיין קוזינקע און אים אַריינוואַרפן אין אַזאַ איינגעשפּאַרטן צווייפל.

— נאָר זי וואָלט מיך דערקאָנט, זי וואָלט געשמייכלט... ער איז עטלעכע מאָל פאַרביי.

— אפשר האָב איך זיך געענדערט? דאָס אַרויסגעשיטע בערדל, די רויטע פלעקן און דער ווייסער, ערטערווייז פאַרשמירטער מלבוש האָבן דאָך טאַקע ביי מיר צוגענומען דעם צלם-אלוקים.

זי איז אַוועק.

אַלעקסאַנדער האָט זיך אָבער אַ צייט לאַנג נישט געקאָנט שטילן. די כסדרדיקע דערוואַרטונגען האָבן אים אַזוי אָפּגעבאַרט און חוזק געמאַכט פון אים. ער כעסט זיך, ער שעלט — אַזוי ווי ער וואָלט אַליין אין דעם שולדיק געווען.

און ביילטשע וויים נישט, זי זיצט רויק אויף דער אוניווערזיטעט-באַנק און האָרכט די דרשות פון פּראָפעסאָר, אַזוי ווי

צפעס אַ הייליקייט, וואָלט זי זיך ליבערשט איינגעהערט אין דער מוזיק פון אַ צעשפּילטער נשמה. און מיטאַמאָל כאַפּט ער זיך: אפשר האָט זי מורא אַז זי וועט זיך אָנשטעקן? אַלעקסאַנ־דער פילט ווי די אויגן פאַרלויפן אים מיט בלוט — אָנשטעקן... וואָס פאַר אַ שוידער ווארפט אַרויף דאָס וואָרט „IV אָפּטיילונג" אויפן מענטשן, וועלכער האָט דערוועגן קיין השגה נישט. אַזוי ווי אַ בייזע שלאַנג וואָלט געלעגן אויף דער שוועל פון אַריינ־גאַנג און פאַרציקט יעדן פאַרבייגייער.

— IV אָפּטיילונג!

— ווענעריש!

אַלעקסאַנדער האָט זיך צונויפגעקראַמפט אויפן בעטל, אַזוי ווי אַ בייגל און צווישן די ציין אַרויסגעזיפּט:

— דעם טייוול מאָלט מען אויס שרעקלעכער ווי ער איז!..

---

פאַרצווייפלטע געשרייען האָבן פּלוצים אויפגעוועקט אַלע־קסאַנדערן. אַלעקסאַנדער האָט צעשראָקן ראַפּטעם זיך אויפ־געכאַפּט פון אָרט און אַריין אויפן זאַל פון די וועגעריקן. אברהם „מאַרעוויכער" איז געשטאַנען אַריבערגעבויגן איבער בערישס בעט און יענעם געטרייסלט מיט ביידע הענט. בעריש איז אָבער געלעגן פאַרחלושט. האָט אברהם אים אַ פעסטן קוועטש געטון ביי די שלייפן און אַ געשריי געטון נאָך הילף צו דער חברה, וועלכע איז זיך צונויפגעלאָפן פון די קאָ־רידאָרן און פון אַלע צימערן.

אויפגעריסן די אויגן, איז בערישן שווער געווען באַ־גרייפן וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, ער האָט נאָר געפילט אַז אים איז שלעכט, אַ—ז—ו—י ש—ל—ע—כ—ט... אַזוי ווי עמעץ וואָלט אים כסדר געוואָרגן ביים האַלדז.

— מיט נאַסע האַנטוכער! — האָט זיך אָנגערופן אַלע־קסאַנדער און אַליין געוועזן בלייך, אַזוי ווי קרייד.

— נאַ, טונק איין! — האָט זיך דערהערט אַ קאָמאַנדע.

נאָכדעם ווי דאָס קלעמעניש האָט בעׄרישן אָפּגעלאָזן האָט ער זיך אַ ווילדן שליידער געטון אויפן קישן און ספּאַזמאַטיש זיך צעווייגט.

ביי די חולאים האָט זיך אויפגעוועקט דאָס געפיל פון אחדות און זיי האָבן זיך מיט געבעט אַנידערגעוואָרפן פאַר בעׄרישנס פיס:

— באַרויק זיך. מ׳דאַרף זיך שטאַרקן...

— מיר איז שלעכט, אַזוי שלעכט...

אברהם האָט זיך איבער אים נאָך טיפער אַריבערגעבויגן:

— נו, ווער פון אונדז איז גוט? זאָג אַליין, וועמען איז גוט?..

אברהם — איינער פון די אַלטע שפּיטאַלניקעס, ביי וועמען די אויגן זענען שאַרף און טיף אַריינגעזעצט אין קאָפּ אַריין, מיט אַ ביין פּייערל אין זיי, אַזוי ווי ער וואָלט אין כעס געווען אויף דער גאַנצער וועלט — האָט מיטאַמאָל פאַרשטעקט די הענט אין די הויזן־קעשענעס און הייזעריק זיך צערעדט, געשיפּעך און שוועבל אויפן חשבון פון די ווייבער; אברהם שעלט מיט טויטע קללות, נאָר קיינער שפּאַרט זיך נישט מיט אים, ווייל מ׳ווייס אַז נישט ער שרייט, נאָר דאָס שרייט פון אים אַרויס דער ווייטיק.

— ער איז גוט אָנגעקלאָגט! — וואַרפט איינער צו הינטערווייליקעס.

אברהם איז געזונט אַזוי ווי אַ ריז און דאָך — נישט ווערט קיין צווייער. אַמאָל האָט זיך אים די קראַנקייט אַריינגעלייגט אין רעכטן פוס אַריין און מ׳האָט אים געמוזט מאַכן אַן אָפּעראַציע, אויפשניידן ביזן ביין אין ביידע זייטן ליטקעס — פון דער קני ביזן קנעכל. פינף וואָכן איז ער געלעגן מיט אַן אויפגעשניטענעם פוס און ס׳האָט זיך נישט געוואָלט אַ הייל טון, ערשט אַז מ׳האָט אים דערלאַנגט עטלעכע „נאָדלען“, איז דער פוס געוואָרן אַזוי ווי גאָלד.

אַן אַנדערש מאָל האָט ער סתּם אַזוי באַקומען פּינפּאונ־
צוואַנציק הונגרן איפן עמפּינדלעכסטן אָרט און די יסורים זע־
נען געשטיגן ביז אונטערן הימל.

פלעגט שוין אברהם ווען עס איז אַריינפּאַלן צו אַ פּריי־
וואַטן דאָקטאָר, מוז ער גראָד זיין טויט־שכּור, מאַכן אוואַנטו־
רעס און שלאָגן די קראַנקע וואָס געפינען זיך אין וואַרט־זאַל —
פלעגט דער שווייצער אים אָנכאַפּן ביים קאָלנער און אַרויס־
שליידערן אויף דער גאַס.

אַזוי פלעגט עס זיך אַלעמאָל איבערחזרן.

— אַלע צרות נעמען זיך פון די ווייבער! — קאָכט
זיך אברהם.

— ווערן זיי פאַרכאַפּט! — מאַכט אַבע מיט אַן אויסגע־
צויגענעם ניגון, וועלכער איז ערשט נישט לאַנג אויפגעשטאַנען
פון אַ נערוון־אַטאַק.

— אפילו בראַנדיק! — גיט צו מנשה, וועלכער זעט אויס
אין בעס, אַזוי ווי אַ צען יאָריק קינד.

— איך האָב נישט ליב לייקענען, — ווענדט זיך דער
גאַרבער צו אברהמען — איז עפּעס גוט דאָס לעבן פון אַן
„אונדזעריקן” אָן אַ ווייב? ווי אַזוי וועט ער אויסזען?

— און אַזוי איז יאָ גוט? — צינדט זיך אָן אברהם
אַזוי ווי אַ פּלאַקער, ער כאַפּט אַרויס אַ שטיקל גוף, פאַרבאַנ־
דאַזשירט אין אַלע זייטן — זע נאָר, גאַרבער, און אַזוי איז גוט?
צווישן עולם פּלאַצט אַרויס אַ געלעכטער.

— און דו, גאַרבער, האָסט געוווסט אַז דו וועסט קריגן
אַזאַ לאָמען פוס און ווערן אַ קאַליקע יינגערהייט?

— נישט געווען געביפּט. ווען איך זאָל פריער וויסן, וואָלט
איך אַרויפגעלייגט אויף אַ קלעצל און אָפּגעהאַקט מיט אַ האַק...

די עטלעכע ערנסטע ווערטער פון גאַרבער רופן אַרויס
ביי די אַרומיקע באַהאַלטענע טרערן און יעדער איינציקער
פילט דעם אומגליקלעכן גורל פון די פאַרמשפּטע.

— און וואָס וועט מיר איצט אויסקומען צו טון? — גיט טרויעריק צו דער גאַרבער — סיידן גיין אויפן פּענט, מער נישט...

---

אין אַ צייט אַרום איז ליובע אַריין צו אַלעקסאַנדערן, אָנגעשפּאַרט זיך מיטן עלנבויגן אָן טישל און געזאָגט:

— כ'גיי אַהיים. כ'בין שוין אויסגעשריבן.

— געזונט?

— געזונט!

זיי האָבן אַ ווײַלע געטענהט און זי איז אַוועק זיך אי־בערטון אין אירע קליידער. מער האָט איר אַלעקסאַנדער שוין נישט צוריקגעזען, נאָר לייבל „נאָסיק" האָט טאַקע דערציילט, אַז זי איז דערנאָך אַהיימגעפאָרן קיין שעדלעץ.

אַלעקסאַנדער איז ווידער אַמאָל קראַנק געוואָרן. עטלעכע דאָקטוירים זענען אַריין אין צימערל און אַרומגעשטעלט זיך נעבן אים; דער אָרדינאַטאָר אַליין האָט זיך אַוועקגעזעצט נאָנט נעבן אַלעקסאַנדערס בעטל, וואָס איז איבערגעצויגן געווען מיט אַ ווייס ליילעך. דער דאָקטאָר קוקט אים אין פּנים אַריין, אין די אויגן אַריין, מעסט אים די היץ. אַ צווייטער דאָקטאָר, נאָך אַ יינג מענטשל, אָבער מיט געגנוג איידלקייט, ווישט אָפּ אַלעקסאַנדערן דעם שווייס פון שטערן.

— מ'דאַרף זיך נישט באַאומרויקן — מאַכט לסוף דער אָרדינאַטאָר צו די אַרומיקע — ס'איז גאָרנישט. אַביסל אינ־פלוענציע.

גראָד קייגן איבער אַלעקסאַנדערן, איז געזעסן א שטילע זיין חנעוודיקע ווירטין, אַזוי ווי אַן אמתע שניי-מלכּה און מיט צער זיך צוגעקוקט. שפּעטער־צו און פאַרנאַכט, בעת אַלעקסאַנדערן איז בעסער געוואָרן, איז זי אַ רגע פון אים נישט אָפּגעטראָטן; זיי האָבן שוין געשמועסט און געלאַכט צוזאַמען.

— אַ סימן — זאָגט אַלעקסאַנדער — ס'וועט מיר גאָר־נישט זיין... דער אַספּירין האָט געהאָלפן.

די ווירטין זיינע האָט אַלץ נישט אַראָפּגענומען פון אים קיין אויג, אַזוי ווי אַ מאַמע, וואָס וואַכט איבער אַן איינציק קינד; און אַלעקסאַנדער האָט אין האַרצן געפילט אַ תענוג פון דאָזיקן צופאַל, וואָס האָט גורם געווען אַז די זעלבע מילדקייט זאָל זיך איצט געפונען אַ געריררטע נעבן זיין בעט און אים צערטלען מיט ווערטער.

אַזוי ווי תמיד, האָט זיך אויך איצט ביי איר דאָס פנים פאַרויטלט און באַקומען אַ תמימותדיקן אויסדרוק — אַלעקסאַנדער האָט אַזוי הנאה פונם פאַרבן-שפּיל אויף איר געזיכט, וואָס דערמאָנט אָן ציטערדיקע מיידל-שעהן אין פאַרליבטע זומער-נעפּט, ערגעץ אויף פעלדער...

אַלעקסאַנדער, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אויפגעהויבן פון בעט, איז אַריין צום אַלטן לייזער, וועלכער ליגט זינט עטלעכע טעג אַליין אין אַ צימער ערנסט קראַנק. די לופט איז אַדורכגעזאַפּט מיט אַ זויערקייט פון אורין, וואָס גיט אַ שלאָג אין נאָז צום חלושן.

אַ גאַנצע נאַכט טראָגן זיך דעם אַלטן לייזערס געוואַלדן איבערן קאָרידאָר, וואָס וואַרפן אַרויף אַן אימה — נישט אַזוי ווי אַ מענטש וואָלט געשריגן, נאָר עפּעס אַ צערעוועטער אָקס. יענער איז שוין צוגעוווינט, דאָך שטעלט מען זיך פלוצים אָפּ, אַזוי ווי עמעץ וואָלט דעם וועג פאַרצוימט און ס׳נעמט אַרום אַ שוידער...

— זיין זיבנאונצוואָנציק יאָריקער יובל!

דאָס שרייט ער איצט אויס זיין לעצט געשריי — און ערגעץ האָט ער אַ ווייב, ער האָט קינדער...

די זיבנאונצוואָנציק יאָריקע קראַנקייט האָט זיך ראַפּטעם אויף דעם אַלטן לייזער אַ וואָרף געטון, איינגעקריצט אירע נעגל וואָס אַמאָל אַלץ ווייטער, אַלץ טיפער אין זיין פלייש אַריין, אין בלוט אַריין... און ער ראַנגלט זיך מיט אַ רויטן שוים אויף די ליפּן, אַריינקוקנדיק דעם טויט גלייך אין די אויגן...

— נו — זאָגט אַלעקסאַנדער צו לייזערן, ווען דער לעצטער האָט זיך אַביסל באַרויקט — נו, פּאַניע לייזער, נישט גוט?
לייזער הייבט עטוואָס אונטער דעם קאָפּ:
— הע? וואָס?
— נישט גוט?
— אוודאי נישט גוט:..
און לייזער ווישט אָפּ דעם שווייס פון שטערן מיט אַ ציטערדיקער, נערוועזער האַנט, דערנאָך ווענדט ער זיך צו אַלעקסאַנדערן:
— אַזוי, פּאַניע בוכהאַלטער, אָט אַזוי זעט מען אויס... מ׳וואָלט באַדאַרפן אונדזערע בעטן אַרויסשטעלן אין גאַס אַריין — וואָלט אַנדערש געווען, גאָר אַנדערש, פּאַניע בוכהאַלטער...
— איר זאָגט, הייסט עס, גאָר ווּדוי...
— איך זאָג ווּדוי? און וואָס בין איך שולדיק? — קרעכצט שוואַך דער אַלטער — וואָס בין איך שולדיק?..
לייזער האַקט אָפּ, ער צעהוסט זיך, דערנאָך פאַרוואַרפט ער איין פוס איבערן אַנדערן, ציט צונויף דאָס פּנים פאַר ווייטיק:
— די ווייבער, איר פאַרשטייט?.. די ווייבער...
— איז וואָס אַז די ווייבער? — מאַכט אַלעקסאַנדער געלאַסן.
— וו—אָ—ס?! מ׳וואָלט אַ שפּיי געטון אויף זיי, אַזוי ווי אויף אַ מיאוסע און שרעקלעכע זאַך — פון וואָס מ׳דאַרף אַנטלויפן, אויסמיידן... אָט דאָס וואָלט דער סוף געווען!
דער אַלטער האָט זיך מיטאַמאָל אַ וואָרף געטון און די האָר פון קאָפּ האָבן זיך אים אויפגעשטעלט אַזוי ווי די דראָטן, באַלד האָט ער זיך ווילד און היסטעריש צעשריגן.
אַלעקסאַנדער האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט און אַ שווייגנדיקער אַריין צו זיך אין צימער, וואָס איז איצט געווען טונקל צוליב דער פייכטקייט אויף די שייבן. אַ מידער האָט ער זיך צוגעזעצט ביים טישל, דעם קאָפּ איינגעגראָבן אין די הויפנס פון די הענט און טיף זיך פאַרטראַכט.
*

די לעצטע איבערלעבונגען האָבן דעם קראַנקן און עקס־צענטרישן אַלעקסאַנדער געזעגנט צעזאַמענגעבראָכן. ער האָט זיך אָפּגעזונדערט מיט זיך און בשום־אופן נישט געוואָלט אַרויס אויפן קאָרידאָר. ער האָט אויפגעהערט שמועסן מיט די שכנות־דיקע חולאים און אפילו אויסגעמיטן צו טרעפן זיך מיט די דאָקטוירים. איינער אַליין איז ער נאָר אַרומגעגאַנגען אַראָפּ און אַרויף איבערן צימערל און כּסדר געטראַכט, געקוקט אָנגע־שטרענגט אין דער ווייטקייט און געשוויגן. אַ סך מאָל האָט ער זיך אַ וואָרף געטון אויפן בעטל און שטיל, שעהנווייז אַריינ־געוויינט אין קישן אַריין. אים האָט געשראָקן די פּוסטקייט פון די קאָרידאָרן, די ווייסקייט פון די שפּיטאָל־קליידער און דאָס אַרומראָיען פון די מענטשן. ביי אים אין די אויגן איז איצט אַלץ אויסגעוואַקסן אין דער געשטאַלט פון איין גרויסער שרעק, פון וואָס מען דאַרף זיך דערווייטערן... אויף דער נאַכט פלעגט ער אויך מורא קריגן פאַר זיך אַליין, פאַר זיינע איי־גענע באַוועגונגען, פאַר זיין שאָטן, וועלכער איז אים אומעטום נאָכגעקראָכן, זיך געריצט מיט אים... האָט אַלעקסאַנדער זיך באַהאַלטן אויף דער ערד, הינטערן שענקל. פּלוצים איז ער דערציטערט געוואָרן:

— ווער איז? ווער וויינט?..

אין דרויסן, הערט ער, טראָגט זיך אַזאַ געוויין פון קליינע קינדער... אומעטום איז דער געוויין... אין די ווענט, אין דער וואַננע — נאָר קיינער איז נישטאָ... אַלעקסאַנדער איז אַריין אין צימערל, פעסט זיך פאַרמאַכט, זיך געלייגט אויפן בעטל און אומרויק צוריק אויפגעשפּרונגען, זיך געלייגט און אויפגע־שפּרונגען... ער האָט מורא איינצושלאָפן — דאָס האַרץ וואָס קלאַפּט אַזוי גיך, גיך, קאָן זיך נאָך אָפּרייסן... שטייט ער, אַלעקסאַנדער, ביים פענצטער און קוקט אין פינצטערן גאָרטן אַריין. הינטער דער וואַנט כראָפּעט מען און אין אַלע צימערן איז דאָס ליכט שוין אויסגעלאָשן... נאָר ביי אים, אַלעקסאַנדערן,

איז נאָך ליכטיק, אָבער מיטאַמאָל דאַכט זיך אים, אַז פֿון דאָרט — פֿון הינטערן פּאַרקאַן, אויף יענער זייט גאָרטן, וואַכט עמעצער און צילט זיך צו אים... יענער וויל אים דאַווקע דערהרגענען... ער וועט אַרויפֿשיסן דורכן פֿענצטער און אים, אַלעקסאַנדערן, אַוועקלייגן אַ טויטן... אַלעקסאַנדער קאָן נישט בלייבן אין צימערל, ער מוז אַרויסלויפֿן! מיטאַמאָל האַקט ער אויף די טיר און לאָזט זיך מיט אימפּעט אַראָפּ, אַראָפּ, אַראָפּ — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

צומאָרגנס, איז אַלעקסאַנדערס צימערל פֿול געווען מיט דאָקטוירים. ס'איז אויך געקומען דער אָרדינאַטאָר מיט אַ דאָקטאָר פֿון דער נערוון-אָפּטיילונג.

— די איינזאַמקייט האָט אויף אים שלעכט געווירקט — זאָגט דער נערוון-דאָקטאָר — מ'טאָר קיין קראַנקן נישט לאָזן אָפּגעזונדערט, זאָל מען אים איבערפֿירן אויפֿן אַלגעמיינעם-זאַל, וועט ער זיך צעשטרייען.

— איז וואָס זאָגט איר קאָלעגע? — פֿרעגט דער אָרדינאַטאָר דעם נערוון-דאָקטאָר — נישט געפֿערלעך?

— נישט געפֿערלעך. ס'וועט איבערגיין. מ'דאַרף נאָר אויפֿן דאָזיקן קראַנקן גוט אַכטונג געבן.

אַז די דאָקטוירים זענען אַרויס, האָבן זיי נאָך צווישן זיך עפּעס געשמועסט וועגן נערוון-אָפּשוואַכונג, היפּאָכאָנדריע און ענלעכע זאַכן.

אַלעקסאַנדערן האָט מען איבערגעפֿירט אַ שטאָק נידעריקער. די קראַנקע זענען איצט געשטאַנען נעבן אים, געהאָלפֿן אים אויסטון און לייגן אין בעט אַריין.

די ווירטין האָט זיך דערנענטערט, שטיל מיט באַדויערן אים אָנגעקוקט און טרויעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ.

1923—24

# צו די לייענער

**הויט-קראַנקייטן.**

וויפל געהיימניש און גרויל און אימה איז פאַרשטעקט הינטער אָט די צוויי ווערטער. אפילו די מעדיצין אַליין, מיט אַלע אירע ביז איצטיקע דערגרייכונגען, איז הילפלאָז לגבי דידאָזיקע חולאתן און שטייט נאָך ביים סאַמע בראשית פון אויפטו.

יעדן פון אונדז איז באַוווסט, אז אַ קראַנקייט — אָדער מ'היילט אויס אָדער מ'אָפּערירט און מ'בלייבט אַ בעל-מום אָדער מ'שטאַרבט. דער פּראָצעס פון קראַנק זיין דויערט אַלדזאָ גאַר וואָכן אָדער חדשים, דערנאָך, קערט מען זיך צוריק אום צום נאָרמאַלן לעבנס-שטייגער, מ'קרעפטיקט זיך און מ'פאַרגעסט; דער, וועמען דאָס איז נישט באַשערט, באַפרייט זיך אין אַ צייט אַרום פון די יסורים און ער גייט אַוועק אין אַן אַנדער וועלט. ערגער איז אָבער יענע, וועלכע קאָנען נישט — נישט לעבן און נישט שטאַרבן, וועמעס לעבן ס'איז אַ קייט פון שוידערלעך געראַנגל און וועלכע מוזן — מיטן באַוווסטזיין אז זיי זענען אייביק פאַרמשפּט — פון די פריסטע קינדער-יאָרן אָן, ביז אין גראָער זקנה, פאַרברענגען אויף קראַנקן-בעטן אין פרעמדע שפּיטאָלן.

אַמאָל האָט מען געליטן פון דער פּלאָג צרעת — דער מצורע פלעגט באַזייטיקט ווערן מחוץ-למחנה, ביז צום צוריקקער פון זיין ריינקייט. היינט און דער עיקר — אין אונדזערע קאַנטן, איז צרעת נישט בנמצא, דאָס אָרט פון צרעת פאַרנעמט דעריבער פעמפיגוס (Pemphigus). תחילת ווערט דער קראַנקער באַדעקט מיט אַן אויסשיט פון ווייכע בלעזלען, די בלעזלעך עפענען זיך, גיבן פון זיך אַרויס אַ טונקעלע, שטינקעדיקע פליסיקייט, ס'ווערן פאַרגאָסן מיט אייטער אַלע עפענונגען און דאָס גאַנצע לייב ווערט פאַרוואַנדלט אין אַן אומפאָרמיק-צערונענער און עיפּושדיקער מאַסע. קיין שום הילף איז דערביי נישטאָ און דער קראַנקער — אין צושטאַנד פון צעפאַלונג — פאַרגייט אויף אייביק אינם פלאַם פון איבערמענטשלעכע יסורים.

דאָס צווייטע אָרט פון דידאָזיקע קראַנקייטן פאַרנעמט ליופּוס (Lupus). דער ערשטער קרבן איז דאָ די נאָז, די באַק, דער האַלדז, אַ האַנט אָדער אַ פוס. אָפּט אָבער לייגט זיך די קראַנקייט אַריין אין דער נאָז אַריין, דער ביין ווערט ווייך, צעגריזשעט און די נאָז פוילט אָפּ און פאַלט אַרויס. אַזעלכע קראַנקע קאָנען געוויינלעך דאָס שפּיטאָל נישט פאַרלאָזן, זייערע פּנימער זענען דעריבער תמיד פאַרחושכט און פאַרביטערט.

אויפן דריטן אָרט געפינט זיך פּסאָריאַזיס (Psoriasis). דידאָזיקע קראַנקייט האָט צענדליקער פאָרמען. אויך אַזאַ קראַנקער ווערט פאַררעכנט צו די סאַמע אומגליקלעכסטע. וואָס איז פּסאָריאַזאַ? — דער גוף ווערט באַדעקט מיט אַ געדיכטן און שווערן פאַנצער פון ווייסע שיפּן. די שיפּן לייגן זיך אויס פאַרשידן: אין רעדער, אין בלומלעך, אַזוי ווי אַ לאַנד-קאַרטע און אַזוי ווי אַ ראַגאָזשע. ווען די שיפּן ווערן געהאַלטן טרוקן, פּלאַצט די הויט, ס'באַווייזן זיך שמאָלע בלוט-שפּעלטלעך און דער מענטש ווערט אויפגערייצט, דערביי דאַכט זיך כסדר אויס, אַזוי ווי אַ מחנה שטשאָרעס וואָלטן אַרומגעלאָפן איבערן לייב.

אויב פעמפיגוסן זענען פאַראַן געציילטע, ליידט אָבער אויף ליופּוס און פּסאָריאַזיס אַ גאַר גרויסער פּראָצענט פון דער מענטשהייט און מיט וועלכע ס'זענען תמיד פאַרפולט אַלע שפּיטאָלן.

די אַלע דריי אויסגערעכנטע קראַנקייטן זענען נישט אַנשטעקנדיק און נישט פאַר קיינעם שעדלעך, זיי זענען אָבער בשום-אופן נישט אויסהיילבאַר. דאָס לעצטע איז גיכער — ווי געוויסע באַרימטע דאָקטוירים האָבן זיך אויסגעדריקט — אַ נערוון-קראַנקייט און האָט אַ זייער נאָענטן שייכות מיט נערוועזיטעט.

חוץ קערפערלעכע, זענען אויך די מאראלישע ליידן פון אזא קראנקן זייער גרויס און עס רופט זיך געוויס אפ, הן אויף דער פסיכיק, הן אויף דער קראנקייט גופא. דידאזיקע קראנקע ווערן ארויסגעשטויסן פון דער געזעלשאפט, מען מיידט זיי אויס, מ'אנטלויפט פון זיי, מ'גיט זיי קיין האנט נישט... זיי ווערן באזייטיקט פון די פאסטעס, ווערן שכורים, שלעפן זיך ארום אין די „פזשיטולקעס", ווערן באהערשט פון א זעלבסטמארד־שגעון און פאלן זייער לייכט אריין אין די ארעמס פון פארברעכן אדער באגייען סוף־כל־סוף זעלבסטמארד. זעלטן ווען אזא איינער ענדיקט מיט א נאטירלעכן טויט.

פון פירן א פאמיליען־לעבן, פון ארבעטן, פון מסחרן — איז אפגערעדט. זיי ווערן אויפגעפרעסן פון פארצווייפלונג. די, וועלכע האבן יא חתונה אדער ביי וועמען די קראנקייט באווייזט זיך ערשט נאך דער חתונה — ווערן רואינירט, צעבראכן, זייערע ווייבער און קינדער גייען אויס פון הונגער און נויט...

פסאריאטיקן זענען בטבע פאסיוו, זיי פארמאגן זייער א שוואכן ווילן און נאך ווייניקער איניציאטיוו; זיי טראגן זיך תמיד ארום מיט די שווארצסטע, מיט די ווילדסטע און משוגעדיקסטע מחשבות און דאך באזיצן זיי נישט דעם מוט, צו גיין נאך דער שפור פון זייערע מחשבות, צו וואס עס וואלטן — צוליב א ליאדע נארישקייט — פעיק געווען יענע געזונטע, די ציוויל־אנגעטוענע פון דער שטאט.

פאראן פסאריאטיקן, וואס צייכענען זיך אויס מיט באזונדערע אייגנשאפטן. מ'קאן צווישן זיי טרעפן קינסטלער פון פארשידענע געביטן: דיכטער, מאלער, אקטיארן, צירק־שאמפיאנען א. א., אין דער שפיטאל־כראניק איז פארנאטירט וועגן א יונגנמאן, א מאלער־קינסטלער, אלט 28 יאר און האט שוין פארברענגט דאס אכטאונדרײסיקסטע מאל אין „הייליקן לאזאר".

איך האב באגעגנט א געוויסן וואלאווסקי, אן אויסערגעוויינלעך טראגישע פיגור. ער וואלגערט זיך שוין 25 יאר איבער שפיטאלן. ער איז א פערזענלעכער באקאנטער פריינט פון די בארימטע פוילישע שריפטשטעלער פזשיבישעווסקי און טעטמאיער. געווען ראטנע־קאמאנדיר אין דער צארישער ארמיי און נאכן אנטשטיין פון אומאפהענגיקן פוילן, געווארן פאד־פולקאווניק. באררייזט אלע פינף טיילן פון דער וועלט. די פרוי זיינע — א טאכטער פון אן אנגעזעענער, רייכער און אריסטאקראטישער משפחה, אליין א פרעכטיקע שיינקייט — איז זייער פרי געשטארבן פון עגמת־נפש צוליב דעם מאנס קראנקייט. איצט איז וואלאווסקי א שכור, א קארטנשפילער; ער וווינט אין „צירק" אויף דזשיקע 62 און שלעפט זיך ארום א בארוועסער, אן אפגעפליקטער איבער די גאסן צוגלייך מיט אלע פזשיטולניקעס...

איך וואלט געקאנט דערציילן הונדערטער געשיכטן וועגן דער מארטיראלאגיע פון דידאזיקע קראנקע.

אינם פארליגנדיקן בוך, וואס איז קוים א שוואכער אפגלאנץ פון געזעענעם און וואס איז אייגנטלעך אן אנהויב פון א גרעסערער ארבעט אויף דעם געביט, האב איך נאר אויפגעכאפט עטלעכע מאמענטן, וועלכע איך האב — רוי, נישט געצערטלט — געהאמעוועט אין פארביילויף און פון סאמע פינצטערסטן תהום ארויסגעשליידערט אויף דער אויבערפלאך פון לעבן.

באהערשט פון אן איבערנאטירלעכער אימה, אזוי ווי די אימה וואס קוקט ארויס פון די אויגן ביי פארמשפטע און געפייניקט פון זייער געשריי, האב איך אנגעשריבן דידאזיקע רעליקוויען, וועלכע צאפלען יעדערס מאל אויף פאר מיר, אזוי ווי דיווארעמע שטיקער פלייש פון צעפאלענע...

**ווארשע, 1 אויגוסט 1928.** **ביינע זילבערשטיין**

# אויפקלערונגען צום טעקסט:

אפאראט — דער דאָקטאָרסקער קאַבינעט אין אַ הויט־שפּיטאָל, ווו ס'ווערן אונטערזוכט די קראַנקע.

באַנבאָן — אַזאַ אַרט בלוט־פאַרזעצונג.

בוקיעטע — דאָס גיין אויפן „פּאַרדינסט".

גריפסן — אַרעסטאַנטסקע קאָרעספּאָנדענץ.

הייליקער לאַזאַר — אַ שפּיטאָל פאַר הויט־קראַנקייטן אין וואַרשע.

וואַלוועקעס — פּעקלעך שפּייז וואָס ווערן אַריינבאַזאָרגט אין תפיסות, אין שפּיטעלער, אין קאַזאַרמעס.

ווילקענסאָן — אַזאַ אַרט קרייטעכץ.

ווענעריע — געשלעכטס־קראַנקייטן.

„לאַבאַי" — אַ שפּיטאָל פון הויט־קראַנקייטן, אָנגערופן אויף חוזק.

לאַזשאָרניקעס — בעטלער; פּענטאַקעס.

לועס — סיפיליס.

ליופּוס — וועלפישע קראַנקייט; אַזאַ שווערע נישט־אויסהיילבאַרע הויט־קראַנקייט.

„נאָדל" — אַן איינשפּריצונג.

סאַלוואַרסאַן — אַזאַ פּרעפּאַראַט, מיט וועלכן מ'היילט לועס און אַנדערע שווערע הויט־קראַנקייטן.

עקזעמאַ — אַ הויט־קראַנקייט.

פּסאָריאַזיס — אַ שווערע און אומאויסהיילבאַרע הויט־קראַנקייט.

פּעמפיגוס — אַ שווערע און אומאויסהיילבאַרע הויט־קראַנקייט, מיט וועלכער דער מענטש ראַנגלט זיך און שטאַרבט.

פּענט — דאָס גיין אין די הייזער; בעטלעריי.

פּעפּטאָן — אַזאַ פּרעפּאַראַט איינצושפּריצן אין הויט־קראַנקע.

פיר קרייצן — אַ מדרגה פון לועס.

IV אָפּטיילונג — הויט־אָפּט. אין וואַרש. ייד. שפּיטאָל.

# אינהאַלט:

## ביבליאָטעק מאַרק ראַקאָווסקי

אין קורצ[illegible]שיינט:

### ביינש זילבערשטיין

# עסן

ראָמאַן אין 4 טיילן.

---

אינם דערמאָנטן בוך קומען צום אויסדרוק די בלינדסטע איגסטינקטן וואָס ליגן באהאלטן אין דער טיף פון דער מענטשלעכער נשמה. דער הויפּט-העלד, אליין נאָך א קינד, אַ סימבאָל פון עמפינדלעכקייט, צאַרטקייט, פאַרטראַכטקייט, ווערט — אין אייביקן געיעג נאָך עסן — אַריינגעשלעפּט אינם קנויל פון אויסטערלישע איבערלעבונגען און געשעענישן, ביז דעם אויפגיין אין פלאַם פון הונגער-משוגעת. געגן זיין ווילן, אין אָפטן געראַנגל מיטן גורל, פאַלט ער אריין אינם נעץ פון בעטלעריי און ליידט דערפון די פיינלעכסטע יסורים. אַ דאַנק אויסערגעווענלעכער ענערגיע און עקשנות, 'אַנטלויפט ער פון די בעטלער, ער וואַנדערט אַרום אין דער פרעמד, באַשעפטיקט זיך מיט שוואַרצער אַרבעט און אויפן הינטערגרונט פון זיין ביטערער פאַרגאַנגענהייט און צוליב די עוולות אין דער היינטיקער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג, וואַקסט ער שפּעטער אויף צו דער מדרגה פון אַן אַקטיוון זעלנער אין דער פּראָלעטאַרישער אַרמיי, איינער פון יענע גייסטער, וואָס פלאַקערן אויף אויפן פייער פון מלחמה און רעוואָלוציע.